# דער יוד

# DER JUDE

צייטשריפט

פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברה „אחיאסף".

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Krakau, 25 Juli 1901.

נומער 30.

קראקויא, אב תרס"א.


| ה. תרס"א ← וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901 | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| די טעג פון חודש | וואך | אב, ליפיעך-יולי | | נייער כ. יולי | אלט. כ. יולי |
| י"ב | זונטאג | | | 28 | 15 |
| י"ג | מאנטאג | | | 29 | 16 |
| י"ד | דינסטאג | | | 30 | 17 |
| ט"ו | מיטוואך | | | 31 | 18 |
| ט"ז | דאנערס. | | אויגוסט*) | (*1 | 19 |
| י"ז | פרייטאג | | | 2 | 20 |
| י"ח | שבת | פרשת עקב. | | 3 | 21 |

קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע.

| טאג | יאהר | |
|---|---|---|
| יב | ה. ר"ע | פערברענט עקרה"ש 36 יודען אין בערלין. |
| „ | ה.תקצ"ז | געשטארבען ה"ר אריה קאצענעלבויגען בר סקער רב. |
| יג | ה. שצ"ג | „ ה"ר נתן נטע שפירא („מגלה עמוקות") אין קראקא. |
| „ | ה.תקפ"ט | „ ה"ר מרדכי באנעט ניקאלסבורגער רב. |
| טו | ב. תפ"ז | האבען אויפגעהערט די מתי מדבר. |
| „ | ג.תתפ"ט | זענען די געהרג'טע פון ביתר געקומען צו קבורה. |
| טז | התרמ"ה | געשטארבען ר' משה מאנטעפיארע אין ראמסגעט. |
| יז | ג. תתכ"ו | האבען די יודען בעזיעגט די רוימער און איינגענומען די פעסטונג אנטאניא. |
| יח | ה. ת"ר | האט אראלף ברמיה בעקומען פון עגיפטישען משנה-למלך טובית פאר די יודען אין דמשק. |

## אינהאלט.




צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE", Krakau, Gertrudy 16.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf", Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין לאנדאן:
R. Mazin, Bookseller 100 Old Montague Str. London, E.

אין לאדז: ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodż, Cegielnianastr. 36.

דער „יוד" איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער: 1920 a Nachtrag VII.

# „דער הויזלעהרער"

פון ניימאנאוויץ (הנ"ק)

פרייז 10 קאפ' — מיט פארטא 12 קאפ'.

גאר אליין, אהן א הילף פון א לעהרער קאן זיך יעדער מענש פיר 10 קאפ' אין 8 טאג אויסלערנען לעזען, שרייבען און פערשטעהען איינע פון די 3 שפראכען: **רוסיש, פאלניש אדער דייטש.**

די מעטאדע מיט דעם נאמען „דער הויזלעהרער" איז בעארבייט אויף אזוי א אופן, אז אפילו א קינד קאן זיך דארין לייכט לערנען.

ווער עס וויל זיך פון דעם איבערציינגען, בעקומט אין דער רעדאקציע פון „הויזלעהרער" אומזיסט אלע פראבע א טהייל פון דער מעטאדע.

פון דער פראווינץ דארף מען איינשיקען אויף איין פראבעהעפט איין מארקע פיר 2 קאפ'.

פער נאכנאהמע ווירד ניכט געשיקט.

אדרעסע:

Варшава, Новолипье 28, кв. 30.

Г-жѣ Г. НЕЙМАНОВИЧЪ.

---

## פריילינען און דאמען

קענען זיך אויסלערנען גוט שניידען און נייהען אין א קורצע צייט דורך בריעף אין זארגאן, רוסיש אין דייטש. די מעטאדע איז די בעסטע און די גרינגסטע. אפילו 12 יעהריגע מעדכען קענען זיך גוט אויסלערנען, ניט זוימט אין פרעגט אן ביי:

Варшава, Госпожѣ Бертѣ Найдичъ

---

## נייעם!! נייעם!!



ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע היילען גרינדליך נאך קורצען געברויך, ווי עס איז איבערצייגט געווארען, אז נאך 3 מאנאטליכען טראגען, ווירד דער ברוך פאללשטענדיג אויסגעהיילט. פרייז פאן איינער זייטע 6 רובל, צווייזייטיג 10 רובל. בויכבינדען פיר פרויען, עלאסטישע זאקען פיר געשוואלענע פיס, אונד פערשיעדענע אנדערע כירורגישע ארטיקלען — צו בעקומען נור ביים אפטישען-כירורגישען געשעפט אונטער דער פירמא: אלעקסאנדער סענאטארסקא 22 ווארשוי.

אדרעססע:

„АЛЕКСАНДРЪ"
Сенаторская ул. № 22,
Варшава.

דא עס האט זיך געצייגט דאס מען מאכט נאך דיעזע ברוכבענדער ביטען מיר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגינעלע מיט'ן סטעמפעל פאן אונזער פירמע.

---

מיין מאנופאקטור-דעטאיל-געשעפט פון פערשיעדענע מאסקויער או לאדזער וואלענע און בוימוואלענע ווי אויך ווייסווארען האבע פון 8-טען יולי איבערטראגען אויף דער דזיקא שטראסע נו' 9 עקע פאוויא, און עמפפעהלע מיינע געעהרטע קונדשאפט איין רייכעס לאגער און צו ביליגסטען פרייזען.

האכאכטונגספאל זעליג קרעמער, דזיקא 9 עקע פאוויא.

---

## לבעלי בריתי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת ג' מלים:

Я. Нейдичъ Варщава.

---

## !!מעבלירטע צימּמער!!

מוסטערהאפט זויבער און בעקוועם איינגעארדענט, אים פרייזע פון 50, 60, 75, 90, 1,25, 1.50 ביז 2 רו"ב א טאג. בארע-צימּמער (וואננעס), גאז-בעלייכטונג. רעעלע בעהאנדלונג און פינקטליכע בעדיענונג. מיטטאגע פרישע און שמאקהאפטע פון 35 קאפ. אן, סאמאווארען א 10 קאפ.

ה. דווארעצקי, סט.-יערסקא נו' 34.

Меблированныя комнаты
Х. М. Дворецкаго, Варшава
Св. Георгія 34.

---

## אהוב את המלאכה

אלע סארטען שפיגעל - מאכען גרינדליך לערנט אויס דורך בריעפע

דער 25 יעהריגער פראקטיקאנט אין די שפיגעלפאבריקאציאן

**Юдка Вейнблятъ**
Варшава, Слизская 22.

---

דאנטיסט

## בערלין - קרופיצקי, ווארשא

נאלעווקי נו' 7

ספעציאליטעט-קינסטליכע צאהנע קאראנען און בריקען ארבייט (אהנע גומען).

!!רעפערירט אין 2 שטונדען!!

---

## אויפמערקזאם!!!

איך לערען בריעפליך אויך פערזענליך כעמישע ארטיקלען מיט וועלבע פון יעדער פון זיי קען מען פיין עקסעסטירען, פארערט גאנץ ווייניג קאפיטאל; אויך גיב איך איין אגענטורע פון א וויכטיג ארטיקעל, אייגענע פאבריקאציאן מיט זעהר גוטע קאנדיציעס. אנטווארט מיט רעטור פאסט.

Варшава, И. Матузону,
Дѣльная 18.

---

אומזיסט פראספעקט פון חעמישע וועשעריי און בעטפעדערן רייניגונג

М. Салямонъ Бѣлостокъ Никол. ул.

---

## לעהרערס מיטאגע

פרייז פיר א מיטאג פון 6 שפייזע 25 ק', מיט פיש 30 ק'. אויך מיטאג פיר 20 ק' 5 שפייזען נור פון 12 ביז 3 אוהר.

גענשא נר. 20 2-טער שטאק.

פערגעסט ניט די אדרעסע.

---

Парижская папиросная бумага

## „Ле Дерніеръ Картушъ"

**требовать исключительно гильзъ и также папиросныхъ книжекъ изъ настоящей французской бумаги „Ле Дерніеръ Картушъ"**

**Бумажка эта признана Химичес. Лаборатр. Варшав. Императ. Университета САМОЮ ЛУЧШЕЮ.**

**Образцы бумажки разныхъ сортовъ высылаетъ безплатно.**

**ТОРГОВЫЙ ДОМЪ**

**Д. ЗИЛБЕРЛЯСТЪ**

**въ ВАРШАВѢ**

**Граничная улица № 6.**

---

ניי ערעפענטע אידישע קאנדיטאריי פון

## געברידער קאטליצקי,

ווארשא. נאוואליפקי 8.

(„האטעל ראססיא")

נעהמט אויף בעשטעלונגען אויף צוקערגעבעקס, קאנפעקטען, מאראזוננאע טארטען, צעקאלאדען, קרעמען א. ז. וו. אויף האכציטען און בעלער היער און אויך ארויסצושיקען אויף דער פראווינץ צו מעסיגע פרייזען.

---

ספעציעלע פאבריק

## פון דימאנטען

צו גלאסשניידען.

צו זעהר מעסיגע פרייזען.

Я. Шефтель,
ВАРШАВА
Налевки 9, кв. 17,

---

כירורגישע הינעקאלאגישע פריוואט-קליניק

פון

## ד"ר רייכשטיין און וואוועלבערג

אין ווארשא, לעשנא 31. די אנשטאלט געפינט זיך אין א גארטען. עס זענען דא שפעציעלע צימּמער פיר קימפעטארען (אהנע מעלדונג). פרייז פון 2 ביז 5 רו"כ. שטרענג כשר'ע קיך. אמבולאטאריום פון 10 ביז 12 אוהר.

III. Jahrgang.

# DER JUDE.

Nr. 30

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא, ענגלאנד —.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנציינען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט
20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

דער פרייז נ״ר רוססלאנד:
גאנץ-יאהרלין —.5 רוביל.
האלב-יאהרלין —.3 רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעססע קאסט 20 קאפ.

קראקויא, אב תרס״א. נומער 30 Krakau, 25 Juli 1901.

## צו אונזערע אבאנענטען!

מיר ערלויבען אונז צו דערמאהנען אונזערע געעהרטע אבאנענטען וועלכע האבען איינגעצאהלט נור די ערשטע 2 ראטען — 4 ר׳ אז

דעם 1־טען אויגוסט ד. ה. מיט נר׳ 30

ענדיגט זיך זייער אבאנעמענט, און מיר בעטען צו שיקען צייטליך די 3־טע ראטע — 1 רובעל, כדי עס זאל נישט זיין קיין אויפהאלט אין דער עקספעדיציאן פון די נומערן.

דעם ערשטען יולי האט זיך געענדיגט דאס אבאנעמענט פון די אבאנענטען וועלכע האבען אויסגעשריעבען דעם „יוד“ פון 1 טען יאנואר אויף א האלב יאהר און אויך פון די, וועלכע האבען איינגעצאהלט די ערשטע ראטע — 2 רובעל פאר דער צייט פון 1־טען אפריל ביז ענדע יאהר און מיר בעטען אריינצושיקען באלד דעם רעסט געלד.

## די וועלטגעשיכטע

צווייטער טהייל

דרוקט זיך און וועט אין גיכען ערשיינען און צושיקט ווערען אלע אבאנענטען, וועלכע האבען פיר זי איינגעצאהלט.

די אדמיניסטראציאן.

## ליטעראטור און לעבען.

די ליטעראטור איז א פראדוקט פון לעבען. דארטען, וואו עס איז ניטא קיין לעבען, דארט איז קיין ליטעראטור פארהאן. דארטען וואו מען הויבט אן צו לעבען, דארטען בעמערקט מען תיכף ווי אויך די ליטעראטור הויבט אן אויפצולעבען. דאס לעבען בעשאפט די ליטעראטור.

די ליטעראטור איז ניט נור א פראדוקט פון לעבען, נאר אויך זי פון איהר זייט ווידער בעשאפט לעבען. זי איז — קען מען זאגען — די לעהרערין פון לעבען. די ליטעראטור בעהאנדעלט אלע לעבענספראגען, ערקלערט זיי און זוכט תשובות אויף זיי אין לעבען, דורך דאס לעבען. די ליטעראטור וועקט ווייטער צו א נייעס, בעסערען לעבען. דער אויפגעוועקטער עולם, בעקומענדיג חשק צו לעבען, ווירקט ווידער צוריק אויף די ליטעראטור און אזוי זענען ליטעראטור און לעבעןביידע תמיד אבהייגניג איינס פון אנדערען. —

דאס לעבען קען זיך ניט ענטוויקלען אהן א ליטעראטור, די ליטעראטור קען ניט עקזיסטירען דארט, וואו עס איז קיין לעבען פארהאן.

א געזונדע ליטעראטור מוז זיין א ריכטיגער שפיגעל פונ׳ם לעבען. אין דער ליטעראטור פונ׳ם פאלק מוזען מיר דייטליך קענען זעהען, ווי אין א שפיעגעל דאס לעבען פון פאלק. דאס אבער איז נור מעגליך ביי געזונד וואקסענדע פעלקער. אז דאס פאלק לעבט רוהיג, אין זיין לאנד, ענטוויקעלט זיך רעגעלמעסיג, דאן קען די ליטעראטור וואקסען צוזאמען מיט דעם פאלק און זיין א ריכטיגער שפיעגעל פון זיין לעבען.

אונזער פאלק האט שוין באלד צוויי טויזענד יאהר קיין לענגערע צייט געקענט רוהיג און געזונד לעבען. מיר ווילען דא פון דעם ניט פיעל רעדען: עס איז יעדען בעקאנט די ווירקונג פונ׳ם גלות אויף דעם גאנצען קערפער, אויף אלע אברים פונ׳ם יודישען פאלק. עס איז דערום קיין וואונדער ניט, ווען מיר האבען ניט א געזונד וואקסענדע ליטעראטור.

עס איז ניטא אויף דער גאנצער וועלט נאך א פאלק, וועלכעס זאל פיהרען אזא אונגעזונדעס נאציאנאלעס לעבען און עס איז ניטא נאך א פאלק, וועלכעס זאל מוזען קענען אזוי פיעל שפראכען ווי דאס יודישע פאלק.

דער פראנצויזישער יוד דארף קענען פראנצויזיש; דער ענגלישער יוד—ענגליש; דער דייטשער יוד—דייטש; דער רוסישער יוד—רוסיש א. ז. וו. א. ז. וו. אויסער דעם, וואס יעדער יוד דארף קענען זיין לאנדעס־שפראך, דארף ער אלס נאציאנאליסט קענען די נאציאנאל־שפראך ד. ה. העברעאיש און אלס יוד דארף ער אויך קענען די פאלקסשפראך זשארגאן. דערמיט דארף יעדער יוד, ווען ער לערנט אפילו ניט פרעמדע שפראכען, קענען דריי שפראכען. און דערום קומט עס, דאס ווען א אנדער פאלק האט איין ליטעראטור און אין איין איינציגער שפראך, האט דער גלות־יוד, אזוי פיעל ליטעראטורען ווי פיעל שפראכען עס זענען פארהאן, דען עס איז ניטא א ווינקעלע אויף דער גאנצער וועלט, וואו יודען זאלען ניט זיין. און מיר האבען טאקי א דייטשע־יודישע ליטעראטור, א רוסיש־יודישע ליטעראטור א. ז. וו. א. ז. וו. אויסער דעם האבען מיר פאר אלע יודען א העברעאישע ליטעראטור און א יודישע־ליטעראטור.

אז דאס יודישע פאלק שלאפט, ריהרט זיך ניט, שלאפען נאטירליך איין אלע יודישע ליטעראטורען. הויבט אבער אן דאס יודישע

פאָלק זיך צו בעווענען, עס הויבט אָן צו לעבען, הויבט עס אָן פיהלען אַ בעדערפניש אין אַ ליטעראַטור, דאַמאָלס מוזען די ליטעראַרישע קרעפטען זיך צופּיצעלן און בעשאַפען מאַסען ליטעראַטורען. אונזער לעבען מוז דערום ווירקען אויף דעם אויפלעבען פון פיעל ליטעראַטורען. די לעבענס־קראַפט פון יודישען פאָלק, ווי גרויס זי זאָל ניט זיין, פער ליערט זיך און מיר בעקומען קיין איינציגע רעכטע ליטעראַטור. מיר רעדען שוין ניט פון די יודישע ליטעראַרישע כּוחות, וועלכע אַרבייטען אין פרעמדע פעלדער, מיר מיינען דאָ נור די שרייבערס, וועלכע מען קען ווירקליך אָנרופען „יודישע“, אַט די יודישע שרייבערס מוזען זיך צוזייען און צושפרייטען ווי דאָס יודישע פאָלק.

עס איז דערום כלל קיין וואונדער, ווען מיר—דאָס עם־הספר—האָבען קיין איינציגע פעסטע ליטעראַטור. אַזוי לאַנג מיר וועלען זיין אין גלות, אַזוי לאַנג וועט מוזען בלייבען דער ניט געזונדער צושטאַנד פון אונזער ליטעראַטור.

דאָס גלות־לעבען אָבער ווירקט נאָך אין איין אַנדער הינזיכט צום שלעכטען אויף אונזערע ליטעראַטורען. מיר האָבען פריהער געזאָגט אַז דאָס לעבען ווירקט אויף די ליטעראַטור. מיר לעבען אָבער ניט! מיר האַפּען זיך צייטענווייז אויף, מיר וואַכען אַ פּאָר מינוט און מיר ווערען ווידערום אַ לענגערע צייט אַנטשלאָפען. אַזאַ מין לעבען קען געוויס ניט בעשאַפען אַ ליטעראַטור ווי עס געהער צו זיין.

די אַלע ליטעראַטורען (דייטש־יודיש, רוסיש־יודיש א. ז. וו.) זענען אייגענטליך נור פאַר זעהר קליינע טהיילען פון יודישען פאָלק; פאַר אַזעלכע טהיילען, פאַר וועלכע עס שטעהען אָפען אַלע וועלטס־ליטע־ראַטורען. די העברעאישע ליטעראַטור איז אַפילו אַצונד נאָך פאַר אַ קליינעם טהייל פון יודישען פאָלק, נאָר מען קען האָפען, אַז דער דאָזיגער קליינער טהייל וועט אַליץ גרעסער און גרעסער ווערען. די העברעאישע ליטעראַטור מוז יעדעם יודען טהייער זיין אַלס זיין נאַציאָנאַל־ליטעראַטור, יעדער יוד דאַרף זיך סטאַרען, אַז אונזער נאַציאָנאַל־ליטעראַטור זאָל מיט דער צייט ווערען אַ פאָלקס־ליטעראַטור ד. ה. אַז העברעאיש זאָל ווערען אַ לעבעדיגע שפּראַך, אַז העברעאיש זאָל יעדער יוד ניט נור לעזען און פערשטעהען (ווי ווייט עס איז נאָך דערצו?) נאָר אויך רע־דען. דערוויל אָבער (און ווער ווייס ווי לאַנג דער „דערווייל“ קען נאָך דויערן?) איז זשאַרגאָן די פאָלקס־שפּראַך. זשאַרגאָן רעדט, לעזט און פערשטעהט כמעט דאָס גאַנצע יודישע פאָלק, און ווען מיר זענען אמת'ע פאָלקס־פריינד, מוז אונז דער זשאַרגאָן אַלס פאָלקס־שפּראַך טהייער זיין. איך אונטערשטרייך דאָס וואָרט „אמת'ע“ פאָלקספריינד, דען „גלאַט־אַזוי“ פאָלקס־פריינד, יודישע „בעלי־טובות“ האָבען מיר צו פיעל...

אַז דער זשאַרגאָן דאַרף אונז טהייער זיין פאָרדערט ניט נור דער שכל, נאָר אויך דאָס לעבען. ווען אונזערע שרייבערס זענען געגען דעם זשאַרגאָן, בעווייזען זיי דערמיט, אַז זיי פערשטעהען ניט דאָס לעבען.

יעדער המון פון יעדען פאָלק פערשטעהט, אינטערעסירט זיך קודם כל מיט זיין „איך“, ד. ה. מיט זיך אַליין. כדי דאָס פאָלק, די מאַסע זאָל אָנהויבען לעבען פאַר דעם כלל, כדי יעדער פשוט'ער מענש זאָל זיך אינטערעסירען מיט עפּיס „העכערעס“ ווי „לאָקשען מיט יאַך“, מוז ער עפּיס וויסען. דורך דאָס וויסען, דורך די בילדונג ווערט יעדער פשוט'ער מענש אַ מיטגליעד פון דער וועלט, ער ווערט איבערהויפּט אַ מענש. איך וויל דערמיט כלל ניט זאָגען, אַז דער אומוויסענדער איז קיין מענש ניט, ניין! איך מיין נור אַז דער גראָבער מענש, וואָס ווייסט פון גייסטיגען לעבען כלל ניט, איז עבען נור אַ גראָבער מענש. ווען די העברעאיסטען אַלזאָ האָבען געוואָלט אַז די מאַסע זאָל זיך אינטערעסירען מיט העברע־

# פעלעטאָן.

## אין בויבעריק.

### אויף אַ דאַטשע.

(בילדער, טיפּען, בעגעגענישען, צרות און פערגעניגען).

פון

שלום־עליכם.

א.

[מע „חאַפּט“ מיט אַמאָל די גראָבע עטליכע טויזענדער, מע טרייבט אַרויס דעם קבצן, און דאָקטוירים הייסען פאָהרען קיין בויבעריק אויף אַ דאַטשע].

פרעגט מיך ניט ווי אַזוי, ווי אַרום, מיט וואָסערע זכות אָבות, מיט וועלכע צרות און אַנגסטען, מיט וויפיעל דולעגישען און קאָפּדרעהענישען— נאָר איך האָב ערשט היינטיגען פאַר פּסח, געלויבט איז השם־יתברך, דורכגעשלאָגען אַ געשעפטיל און „געחאַפּט“ אַ שען פערדינסטיל מיט אַמאָל „גראָבע“ עטליכע טויזענדער.

אַז מע חאַפּט מיט אַמאָל די גראָבע עטליכע טויזענדער, נעמט מען זיך קודם כּל צום דלות, אַרויסטרייבען דעם קבצן פונ'ם שטוב; מע וואַרפט איהם אין קאָפּ אַריין אַ בענקיל, אַ נייע קאַפּאָטע, אַ קישען, אַ פּאָר קאָלדרעס, אַ טיץ טעלער, אַ שטיק מאַטעריע, אַ פאָרטעפּיאַן — וואָס עס קומט אין האַנד פליהט איהם אין קאָפּ אַריין! הכּלל איך האָב מיט נאָטס הילף אַרויסגעטריבען דעם קבצן צו אַלדע שוואַרצע יאָהר, זיך אַרומגע־צאָהלט מיט'ן קצב, מיט'ן קלייטיל, מיט'ן מלמד און מיט אַלע איבעריגע קרעדיטאָרען אַרום און אַרום, און מיר האָבען געהאַט אַ פּסח אויף אַלע מיינע ליעבע געוואָנט געוואָרען! די שענסטע מצות, די בעסטע פיש, די טייערסטע וויינען, די נייסטע מלבושים, די פעטסטע קניידליך (און אין שול די פעטסטע עליה) איז געווען ביי מיר! עס האָט אונז אָבער גיך פער־שאַדט, לא עליכם אַ חאַפּ געטהון דער מאָגען, האָט מען אָנגעהויבען רופען דאָקטוירים, האָבען די דאָקטוירים אָנגעהויבען שרייבען רעצעפּטען, ג ע מ ע ן נעלד און ג ע ב ע ן עצות, אַז איך און מיין ווייב און מיינע קינדער בעדאַר־פען האָבען „לופט“, אָהן לופט קאָן אַ מענש ניט אויסקומען אַפילו אַ שעה (אַזוי זאָגען די דאָקטוירים), און ס'איז געבליבען, אַז תיכף נאָך שבועות, ווען עס הויבט זיך אָן דער זומער פאָהרען מיר אַרויס קיין בויבעריק אויף אַ דאַטשע שעפען לופט.

דעם אמת זאָגענדיג, נישט אַזוי די „לופט“ האָט אונז געצויגען קיין בויבעריק ווי דאָס בויבעריק אַליין. פאָהרען קיין בויבעריק און זיצען אויף אַ דאַטשע איז ביי אונז אין יעהופּעץ אַ גאַנצער עסק און אַ גדלות, כּמו ווי למשל ווייכע פאָטעלען מיט האַרטע „ספּרינזשינים“ וואָס קיינער זיצט ניט אויף זיי, און אַ פאָרטעפּיאַן זאָל שטעהן אין זאַל חאָטש ס'איז ניטאָ ווער ס'זאָל שפּיעלען אויף איהם, וכדומה אַזעלכע זאַכען, וואָס היינט איז דאָס די גאַנצע מאָדע. ביי אונז אין יעהופּעץ, אַז צוויי בעגעגנען זיך תּחילת זומער, איז דאָס ערשטע:

— וואָהין פאָהרט איהר היינטיגען זומער?

— קיין בויבעריק, וואָהין דען זאָל מען פאָהרען? נו און איהר?

— קיין בויבעריק, וואָהין דען זאָל מען פאָהרען? האָט איהר שוין אַ דאַטשע?

— נאָך אַ מין דאַטשע! נו און איהר?

— נאָך אַ מין דאַטשע! וואו איז אייער דאַטשע?

— אויפ'ן קרעשטשאַטיק געוויינטליך! נו און אייערע?

— געוויינטליך אויפ'ן קרעשטשאַטיק...

און אַזוי ווייטער.

איש, אז דאס יודישע פאלק זאל דאס העברעאישע ניט בעטראכטען ווי עפיס א „הייליגעס", וואס איז שוין לאנג אבגעשטארבען, נאר אלס איי־גענטום פונ'ם גאנצען פאלק, אלס א נאציאנאל־רייכטהום — דאן האבען זיי זיך קודם־כל בעדארפט סטארען צו געבען „וויסען" דעם פאלק, קודם־כל צו בילדען די מאסע, מאכען דעם פשוט'ן מענש פאר עפיס העכערעס, איהם פעראינטערסירען מיט כלל־זאכען, איהם פעהיג צו מאכען צו דענקען. און אויך אזוי פיעל די ליטעראטור קען איבערהויפט ווירקען, האבען זיי בעדארפט זיך בעדיענען מיט'ן זשארגאן, און נור מיט'ן זשארגאן, כדי די גרויסע מאסע זאל זיי פערשטעהען.

די העברעאיסטען האבען דאס ניט געטהון. זיי האבען פשוט מורא געהאט פאר די קאנקורענ'ין פונ'ם זשארגאן. אפשר — האבען זיי געדאכט — וועט די זשארגאן־ליטעראטור שטערען דער העברעאישער ליטעראטור, און וואו זיי האבען נור געקענט, האבען זיי דערום אויס־געוויזען זייער פעראכטונג צום זשארגאן. נאך היינט וועט איהר געפינען פיעל, זעהר פיעל משכילים און שריפטשטעלער, וועלכע שעמען זיך ניט צו זאגען „איך קען דעם זשארגאן ניט ליידען" וכדומה.

די אבגעריסענקייט פון די יודישע ליטעראטורען אין אנדערע שפראכען פון אונזער פאלק מאכט זיי צו שוואך, און די שנאה צום זשארגאן ציהט אב אויך פון איהר פיעל קרעפטען, וועלכע וואלטען איהר געקענט זעהר ניצליך זיין. די זשארגאנישע ליטעראטור שטעהט נעהנ־טער צום פאלק, זי קען אויך שטארקער ווירקען אויף דאס פאלקסלע־בען, ווי די ליטעראטור אין איין אנדער שפראך. עס איז צייט צו פער־שטעהן די פשוט'ע זאך, אז צום פאלק דארף מען נור רעדען אין זיין שפראך. ד א ס פערשטעהן — וועט אונז שאפען א ליטעראטור, וועלכע וועט ווידער שאפען לעבען אין יודישען פאלק, און דאס אויפלעבענדע יודישע פאלק וועט געוויס אנהויבען אויך מעהר צו ליעבען און צו שע־צען זיין נאציאנאלע העברעאישע שפראך, וועלכע וועט מיט דער צייט ווערען אונזער פאלקס־שפראך.

יחזקאל ווארטסמאן.

---

# די אספה כללית פון דער חברה יק"א.

(פארטזעטצונג).

## מאיזעס וויל.

דער מעמד פון דער דאזיגער קאלאניע ווערט פעסטער און בקרוב וועט זי קומען צו זעלבסטשטענדיגקייט. דער רוב פון די קאלאניסטען האבען געצאהלט זייערע יעהרליכע ראטען און איינינע האבען געקאנט צאהלען נור א טהייל. נאר אלע האבען דאס יאהר בענוצט גרויסע סומען כדי צו פערבעסערען די ארבייט און איינצוקויפען פערשיעדענע זאכען. דער איינקויף פון לוצערן־זריעה און מאשינען האט צוגענומען בערך 40000 דאל', דעם גרעסטען ריוח האבען די קאלאניסטען געהאט פון לוצערן וועלכער האט זיי איינגעבראכט אי געלד אי פוטער פאר בהמות. מיט דעם צוקומען פון דער רוסישער גרופפע איז געשטיגען די צאהל פון די קאלאניסטען פון 81 אויף 130 אדער 237 פאמיליעס מיט 1267 נפשות. דער שטח פון בעארבייטען לאנד פערנעמט אנ'ערך פון 15000 העקטאר, די קאלאניסטען האבען געפלאנצט בערך 1 מיליאן פרוכטענ־ביימער, די צאהל פון די בהמות איז פערג־עסערט געווארען ביז 7600 שטיק, פון וועלכע די אדמיניסטראציאן האט געגעבען 2400 און די קא־לאניסטען האבען געקויפט פאר איינען געלד — 5200 שטיק. די מילכ־פערמע ארבעט פלייסיג, און בעקומט טעגליך 3000 ליטער מילך. 40 שטונדען נאך דעם אנקומען פון די 50 רוסישע פאמיליעס האבען זיי זיך בעזעצט אין זייערע הייזער, 24 פאמיליעס אין ווירגיניא און 26 אין

---

ב.

[אריין אין גן־עדן. — די מעקלערס פערשטעהרען אונז אביסיל דעם גן־עדן].

תיכף נאך שבועות האבען מיר זיך אויפגעזעצט מיט מיין ווייב אין באהן און געקומען קיין בויבעריק דינגען א דאטשע. דער גרינער וואלד, די פרישע לופט, דאס פישטשען פון די פייגעליך און די צוגעקלויבענע דאט־שעס, וואס איטליכע פון זיי זעהט אויס ווי איין אויסגעפוצטע כלה וואס קוקט ארויס אויף א חתן, האבען אונז אזוי פערכשופט, אז עס האט זיך אונז שוין כמעט נישט געגלוסט אוועקצופאהרען פון דאנען צוריק אין דעם טומעלדיגען יעהופעץ מיט די ברענענדיגע שטיינער, מיט די שענע רחות, וואס לאזען זיך הערען פון די אונטערשטע גאסען צום מיינסטען ביי־נאכט.

— וואס זאגסט דו, חיה־עטיל, דערויף? — רוף איך זיך אן צו מיין ווייב.

— וואס זאל איך זאגען? — מאכט צו מיר מיין ווייב — א רוח אין געלדס טאטען אריין!

— א פנים — זאג איך — אז אונזערע יעהופעצער אריסטאקראטען וויסען טאקי וואס גוט איז? ממש א גן־עדן!

— עס זאל זיי נור פערשטעהרט ווערען! — זאגט זי אין גוטען מוטה, און מי'ר שפאצירען ארום אין גן־עדן ווי אדם הראשון מיט דער מוטער חוה איידער זיי האבען פערזוכט פונ'ם עץ הדעת...

נאר אביסיל האבען אונז פערשטעהרט דעם דאזיגען גן עדן די בויי־בעריקער מעקלערס, וואס האבען אונז געפיהרט אנקוקען דאטשעס. איטלי־כער האט אונז געשלעפט צו זיך אנקוקען זיין דאטשע; זיינע איז בעסער, זיינע איז שענער, זיינע איז וועלוולער. צווישען די דאזיגע מעקלערס איז געוועזען איינער א שווארצער מיט א בייטש און מיט איין אונטערגעשלאגען אויג, און איינער א בחור, א רויטער מיט איין אויסגעקרומט פנים. האט אונז דאס רויטע בחור'ל מיט'ן אויסגעקרומטען פנים געחאפט פאר די פא־לעס און שלעפט אונז. רופט זיך אן צו אונז דער שווארצער, וואס מיט'ן אונטערגעשלאגענעם אויג, און האפט אונז אן ביי די הענד:

— מיט וועמען ווילט איהר געהן? מיט איוואן פאפערילע? ער וועט דאך אייך פערפיהרען אין דער שאול תחתיה אריין!

— דו וועסט ניט אנשטימט ווערען, דו שווארצער קאטער? — מאכט צו איהם דאס רויטע בחור'ל — אט מאך איך דיר צורעכט דאס אנדערע אויג!

און נישט לאנג געטראכט טהוט ער א שפרונג צום שווארצען גלייך אין פנים אריין; פאלט אן אויף איהם דער שווארצער מיט דער בייטש און צובלוטיגט איהם, און שרייט, אז ער וועט איינגעבען אויף איהם צום אוראדניק און אונז וועט ער שטעלען פאר עדות.

דערהערט דאס ווארט „אוראדניק" מאכען מיר זיך אוועק פון זייערע הענד און אנטלויפען וואו דער שווארצער פעפער וואקסט.

ג.

[דאס אריבערפאהרען פון יעהופעץ קיין בויבעריק. — קליינע צרות און גרויסע כזיונות.]

דאס פאהרען פון יעהופעץ קיין בויבעריק איז א קלייניגקייט; עס נעדויערט סך הכל אזא האלבע שעה, נאר דאס א ר י ב ע ר פ א ה ר ע ן פון יעהופעץ קיין בויבעריק אויף דער דאטשע מיט ווייב און קינדער, מיט'ן בעט־געוואנט, מיט'ן פליישינען און מילכינען געפעט און מיט אלע איבעריגע בע־בעכים — ווינש איך וואו איך האב ערגיץ א שונא! פון דער ערשטער מינוט וואס איהר הויבט אן צונויפלייגען זיך אין וועג אריין, ווערט דאס ווייב צו־טראגען, נערוועז מיט סכנות נפשות! טשעפעט זי ניט דעמאלט, וועט איהר בעסער מאכען. אט האלט זי דאבט זיך די שליסעליך אין האנד, דרעהט

סאַנטאַ־עלענאַ, וועלכע האָט אויף פֿערלאַנג פֿון די קאָלאָניסטען בעקומען דעם נאָמען „וואָוועלבערג“. די 50 נייע פֿאַמיליעס האָבען אויף אַלע געמאַכט דעם בעסטען איינדרוק. זיי זענען זעהר צופֿריעדען מיט ווייער נייעם מַצָב און האָבען זיך תֵּיכֶף גענומען צו דער אַרבייט. אין דעם צווייטען האַלבען יאָהר האָט יעדער קאָלאָניסט צוגעקערט 50 העקטאַר פֿעלד. מאַיזעסוויל פֿערנעמט איצט 57000 העקטאַר, פֿון דעם זענען 3600 העקטאַר ליידיג און אויף זיי וועט ווערען בעזעצט די ביאַליסטאָקער גרופּע. עס זענען שוין אויסגעבויט געוואָרען 32 הייזער, כדי אויפֿצונעמען די דאָזיגע קאָלאָניסטען. אין דערזעלבער קאָלאָניע רעכענט דער קאָמיטעט פֿון יק"א צו בעזעצען אויך נייע 50 פֿאַמיליעס פֿון רומעניען. עס איז אויך געפּלאַנט צו קויפֿען צו דער קאָלאָניע נאָך 30000 העקטאַר, און דאַן וועט מאַיזעסוויל קענען ערגעהרען ביז 600 פֿאַמיליעס. בכלל זענען די קאָלאָניסטען צופֿריעדען. ווי ווייט זיי זענען צוגעבונדען צום כלל־ישראל, ווייזט דער פֿאַקט, דאָס זיי האָבען צווישען זיך צוזאַמענגענומען נדבות פֿאַר די בעסאַראַביער נויטבעדערפֿטיגע קאָלאָניסטען.

## מאָריציאַ.

חאָטש מאָריציאַ קומט נישט, נאָך איהר מעמד, צו מאַיזעס־וויל, פֿונדעסטוועגען האָט זי זיך אויך גוט ענטוויקעלט. די אונצופֿרידענע קאָלאָניסטען האָבען נאָך דעם לעצטען שניט פֿערלאָזען די קאָלאָניע. און דורך דעם האָט זיך פֿערקלענערט די צאָהל פֿון די קאָלאָניסטען אויף 131 מיט 178 פֿאַמיליעס אָדער 926 נפשות. זיי האָבען דאָס יאָהר געצאָהלט די ראַטען פֿון זייערע חובות. דער שטח פֿון בעאַרבייטען לאַנד איז 12886 העק׳ געגען 9389 העק׳ פֿאָריאָהרען. די צאָהל פֿון פֿיעה בעטרעפֿט 2562 שטיק. די מילכפֿערמע גיט אַרויס 6000 ליטר מילך טעגליך, די עופות־צוכט ברענגט אַ שענע הכנסה. די אויפֿנאַהמע, וועלכע די קאָלאָניסטען האָבען געגעבען די נייע אָנגעקומענע 60 בעלי מלאכות פֿון רוסלאַנד און רומעניען, בעווייזט זייער הויכען מאָראַלישען שטאַנד. בכלל זענען די קאָלאָניסטען געוואָרען אויפֿגעלעבט דורך די פֿערבעסערונג פֿון זייער לאַגע און אַרבייטען זעהר פֿלייסיג.

## די קאָלאָניען פֿון ענטרא ריאָס.

די לאַגע פֿון די דאָזיגע קאָלאָניעס איז פֿיעל ערגער ווי די פֿריהערדיגע. די קלימאַטישע בעדינגונגען האָבען פֿיעל געשטערט אין דער אַרבייט. נור 5 קאָלאָניסטען זענען געווען אומשטאַנד צו צאָהלען די ראַטען פֿון זייערע חובות. חאָטש די תְּבוּאוֹת זענען היינטיגס יאָהר נישט געווען געראָטען, פֿונדעסטוועגען האָבען די קאָלאָניסטען גענוג געהאַט פֿאַר זיך צום לעבען. צוגעבענדיג אַז דאָס יאָהר האָבען די מילכפֿערמען נור וואָס אָנגעהויבען צואַרבייטען, אַז לוצערן איז נאָך ניט געווען גענוג פֿאַר די בהמות און אַז פֿיעה איז לעת־עתה נאָך דאָ זעהר ווייניג, קען מען לייכט פֿערשטעהן, אַז דער מצב פֿון די קאָלאָניסטען קען זיך מיט דער צייט פֿערבעסערן. פֿיעל פֿאַמיליעס, וועלכע זענען געווען אונפֿעהיג צו דער אַרבייט, האָבען פֿערלאָזט די קאָלאָניע און אויסער דעם אויך 20 פֿעהיגע פֿאַמיליעס, וועלכע האָבען געהאַט ווייניג געדולד אויסצוּוואַרטען. כדי אויפֿצוהאַלטען דעם יונגען דור אין די קאָלאָניעס האָט זיי די אַדמיניסטראַציאָן אָבגעטהיילט בעזונדערע חלקים און פֿערזאָרגט מיט אַלעם נייטהיגען. אויסערדעם זענען געקומען אויס רוסלאַנד 200 נייע קאָלאָניסטען אויף אייגענע הוצאות און וועלען ווערען אַלע בעזעצט אין די ענטרע־ריאָס קאָלאָניעס. ענדע 1900 יאָהר האָבען די קאָלאָניעס געהאַט 645 קאָלאָניסטען מיט 875 פֿאַמיליעס אָדער 4589 נפשות. דער שטח פֿון בעאַרבייטע ערד בעטרעפֿט 27706 העקטאַר. קיה זענען דאָ אין די קאָלאָניעס 4000, און יעדער קאָלאָניסט לעזט מאָנאַטליך פֿאַר מילך 15

---

זיך אַרום און שטעהט אויף איין אָרט און שרייט: „וואו זענען ערגיץ מיינע שליסעליך? די שליסעליך? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שטוב, וואָס מע לייגט ניט אַוועק סטייעט עס ניט! מע זאָל נור בעהיט און בעוואָרענט ווערען פֿון אַזאַ שטוב און פֿון אַזעלכע קינדער! ס׳איז דען קינדער? סאַוואָלעם איז דאָס, רוחות, שֵׁדים, ניט קיין קינדער!...“

און די קינדער האָבען אַ טֶבַע, טאָמער דערזעהען זיי אַז מע איז שטאַרק פֿערנומען, אַזוי הויבען זיי זיך אָן פּלאָנטען פֿאַר די פֿיס, חאַפּען זיי אַ שטורך, אַ וואָרף, אַ זעץ, ווערט אַ געוויין, אַ געשריי, אַ געפּולדער — אַריינער גֵיהִנוֹם! היינט דאָס פּאַקעווען זיך! אַ ווערטעלי אויסצורעדען קיין עַיִן הָרָע אַ גאַנץ בַּעֲלֵי בַּתִּישקייט צונויפֿלייגען, איינפּאַקעווען, איינבינדען, נישט פֿערגעסען קיין קלייניגקייט! און ווי אויף צו לְהַכְעִיס, דעמאָלט ווען ס׳איז שוין אַלסדינג אָבגעשיקט געוואָרען אין באַגאַזש, קוקט מען זיך אַרום, אַז מע האָט פֿערגעסען אַריינלייגען דעם ווייב׳ס היטעלע מיט די קווייטען, דאָס שטייגיל מיט׳ן קאַנאַריק, דאָס טינטוריל פֿונ׳ם טיש, שטעקליך און זאַנטיקליך וְכַדוֹמֶה אַזעלכע נאַרישקייטען, וואָס בלייבען תָּמִיד אויפֿ׳ן סוף, און דער קוימען פֿונ׳ם סאַמאָוואַר אויך בְּתוֹכָם.

— וואָס יועלען מיר טהון אָהן אַ קוימען? שרייט דאָס ווייב — וואו וועל איך נעמען אַ היטעלע אויף דער דאַטשע? און וואָס וועט זיין מיט׳ן פֿייגעלע נעביך, ער וועט כַּפָּרָה ווערען?!.

בְּקִצוּר מע מוז דאָס אַלסדינג נעמען מיט זיך אין די הענד אַריין. נאָר ווער איז דער נעמער, אַז אַלע הענד זענען פֿערנומען, אַלע זענען אָנגעלאָדען פֿון אויבען ביז אַראָב מיט קוישליך, פּידליך, פּעקליך, און בינטליך? מוזט איהר זיך שוין אַליין מַטְרִיחַ זיין (אַ בְּרֵירָה האָט איהר?) און נעמען, איך בעט איבער אייער כָּבוֹד, דעם קוימען פֿונ׳ם סאַמאָוואַר אין זיין האַנד, און דאָס שטייגיל מיט׳ן פֿייגעלע אין דער אַנדערער האַנד. וואָס זשע טהוט מען מיט׳ן היטעלע און מיט די איבעריגע שולעמויזען? פֿאַלט איהר אויף איין עֵצָה און נעמט מְחִילָה דעם קוימען אונטער דער האַנד און דאָס היטעלע אין האַנד אַריין אַזוי אַז עס זאָל זיך חלילה ניט צוקנייטשען; און דאָס טינטוריל? דאָס טינטוריל רוקט איהר אַריין אין קעשעני, און איהר זעצט זיך אויף מיט צָרוֹת אויף דער פֿוהר, און איהר פֿאָהרט מיט אַנגסטען צום באַהן.

געקומען צום באַהן הויבט זיך אָן אַ סְדָרָה: „בילעטען“, בְּשׁוּם אוֹפֶן קענט איהר ניט אויסרעכענען וויפֿיעל איהר בעדאַרפֿט האָבען בילעטען, שטעלט איהר אויף די פֿינגער: דאָס ווייב איז ניט איינס, קיין עין־הרע אַכט קינדער, זעכס גרויסע — זעכס גאַנצע בילעטען — איז ניט זיבען, צוויי קליינע קינדער — צוויי האַלבע בילעטען — איז ניט אַכט, די באָבע איז ניט ניין, דריי דיענסטען איז צוועלף, פּונקט צוועלף, גוט וואָס ניט קיין דרייצעהן, דרייצעהן איז נישט קיין גוטער מִסְפָּר... (זיך פֿערגעסט איהר רעכענען אין צעטיל). דזין, דזין, דזין! דער עולם שטופּט זיך, דאָס ווייב רופֿט אייך: „וואו ביזט דו ערגיץ? וואָס באַברעסט זיך אַזוי לאַנג? מע בעדאַרף נאָך איבער איהם פֿערשפּעטיגען!...“ און די קינדער העלפֿען איהר שרייען: „פּאַפּאַשאַ! סקאָריי, סקאָריי, אָפּאָזדאַיעש *)“. איהר לויפֿט אַ פֿערטומעלטער אין וואַגאָן אַריין און פֿערטשעפּעט זיך מיט׳ן קוימען פֿונ׳ם סאַמאָוואַר ביי דער טיר, פֿאַלט אַראָב דאָס היטעלע מיט די קווייטען, בייגט איהר זיך אָן און ווילט דאָס אויפֿהויבען, גיסט זיך אויס אויף דעם דאָס טינטוריל, הויבט אָן דאָס ווייב צו פֿייערען (און איז גערעכט): „אַ ריהר געטהון ווי אַ בלייהען פֿייגעלע! — ווער האָט דיך נעבעטען זאָלסט זיין אַ גוטער און טראָגען זיך מיט מיין היטעלע? וואָס וועל איך איצט טהון אָהן אַ היטעלע?...“ זאָגט איהר דאָך, אַז איהר וועט איהר קויפֿען צעהן היטעליך, אַבי ס׳זאָל זיין שטיל; זאָגט זי אַז זי איז אייך מוֹחֵל די טובות, זי בעדאַרף אייך אויף 99 כפּרות מיט אייערע היטעליך! ווערט איהר רויט ווי פֿייער און הויבט אָן צו שוויצען פֿאַר בִּזָיוֹן, וואָרום עס קוקען אויף אייך פֿיפֿציג

*) פֿאָטער, גיכער, גיכער, וועסט פֿערשפּעטיגען.

דאָל׳. דאָס האָדעווען פֿון פֿיעה ברייננט אויך איין יעדען קאָלאָניסט 15 דאָל׳ מאָנאַטליך. בכלל זענען די איבערגעבליבענע קאָלאָניסטען צופֿריעדען מיט זייער לאַגע און האָבען האָפֿנונגען אויף אַ גוטע צוקונפֿט.

## שולען.

20 שולען האָבען זיך געפֿונען אין די קאָלאָניעס אין 1900 יאָהר; 9 שולען האָבען לעהרער מיט דיפלאָמען און די איבעריגע לעהרער אָהן דיפלאָמען. סך הכל לערנען זיך אין זיי 1200 שילער, 667 יונגליך און 533 מיידליך.

## צעבאַלראָס.

די פֿיהצוכט־אַנשטאַלטען אין צעבאַללאָס זענען אין גאַנצען פֿאַרטיג. די געביידען זענען אין בעסטען שטאַנד, די צאָהל פֿון די מילכקיה איז געשטיגען ענדע יאָהר 1900 ביז 2178 שטיק, די פֿערד זענען אין בעסטען צושטאַנד, סך־הכל איז דאַ 5455 אָקסען, 1150 קוה, און 189 פֿערד.

אין דער האַנדווערקשולע זענען איינגעטרעטען 187 שילער, פֿון וועלכע 70 זענען געבוירען אין רוסלאַנד און רומעניען. 160 האָבען געענדיגט דעם גאַנצען קורס און די איבריגע זענען אַרויסגעטרעטען אין מיטען. פֿון די ידיעות, וועלכע דער הירש־פֿאָנד האָט געזאַמעלט, זעהט מען אַרויס, אַז 62% פֿון די געענדיגטע שילער פֿערדיענען זייער פרנסה פֿון דער מלאכה, וועלכע זיי האָבען אויסגעלערנט, 19% געהען אַרום ליידיג און 19% האָבען געענדערט זייער מלאכה. דער גרעסטער טהייל פֿון די שילער לערנען טשעשלעריי, בליי־דעה־רען מאַכען און מעכאַניק.

(פֿאָרטזעצונג קומט).

## פאליטישע איבערזיכט.

די פֿינאַנסען אין פֿראַנקרייך. — דאָס פֿריינסגעזעץ און דער פּאַבסט. — די גלחים־חברות. — די מלחמה אין אַפֿריקאַ. — רוסלאַנד און באַלגאַריען.

דער פֿראַנצויזישער פּאַרלאַמענט איז פֿערמאַכט געוואָרען ביז צום הערבסט, דאָס געזעץ וועגען פענסיע פֿאַר אַלטע ארבייטער האָט געמוזט אָבגעלעגט ווערען ביז צו דער נייער סעסיע, נאָר דאָס גאַנצע בענעהמען זיך פֿון פּאַרלאַמענט האָט אַרויסגעוויזען, אַז דאָס געזעץ האָט די בעסטע האָפֿנונגען אָנגענומען צו ווערען. דאָס דאָזיגע געזעץ וועט אָבער אַרויפלעגען אויף פֿראַנקרייך גרויסע שוויריגקייטען, ווייל עס וועט אַריינברייננען די רעגירונג אין זעהר גרויסע הוצאות. כדי אָנצונעהמען אַזאַ געזעץ, דאַרף דער פֿראַנצויזישער פּאַרלאַמענט האָבען פֿיעל מוטה. וואָרום די פֿינאַנסען פֿון לאַנד זענען איצט בעזונדערס שלעכט. די הכנסה פֿון פֿראַנקרייך פֿאַר דאָס ערשטע האַלבע יאָהר (ביז יולי) איז איצט מיט 47 מיליאָן פֿראַנק ווייניגער, ווי עס איז אויסגערעכענט געוואָרען אין בודזשעט, און מיט 69 מיליאָן ווייניגער ווי פֿאַר דיזעלבע צייט אין פֿאָריגען יאָהר. ביז צום סוף יאָהר וואַרט מען אין פֿראַנקרייך אויף אַ דעפֿיציט פֿון 200 מיליאָן. די גענגער פֿון דעם איצטיגען מיניסטעריום וועלען מסתמא אויסנוצען די געלעגענהייט, אום צו אַגיטירען געגען זיין ווירטשאַפֿטליכע פּאָליטיק און געגען די פּראָיעקטען פֿון דעם סאָציאַליסטישען האַנדעלסמיניסטער מיליעראַן.

דאָס נייע פֿריינסגעזעץ, אין וועלכען וואַלדעק־רוסאָ האָט אָבגעהאַלטען אַזאַ גלענצענדען נצחון, האָט אַרויסגערופֿען אַ שאַרפֿען פּראָטעסט פֿון דעם פּאַבסט. אין זיין צירקולאַר־בריעף צו די גייסטליכע בעקלאָגט ער זיך, אַז די קאַטוילישע אמונה פֿאַלט, אַז די

פֿאָר אוינען. און אייערע קינדער אין וואַגאָן צושלאָגען זיך איבער אַ פֿענסטער, אַלע ווילען שטעהן און קוקען אין איין פֿענסטער! זייער גליק וואָס ס׳איז אין וואַגאָן; איהר זאָלט זיך ניט שעמען פֿאַר לייטען וואָלט איהר זיך מיט זיי גוט אָבגערעכענט!... געהט צו פּלוצים דאָס קלענערע קינד און זאָגט אייך:

— פּאַפּאַשאַ! אַ גדיע קאַנאַלייקאַ? [1]

איהר טהוט זיך אַ חאַפּ צום שטייגיל— טרוקען, נישטאָ קיין פֿייגעלע! איהר הויבט זיך אויף, איהר זוכט דאָרט צווישען די פּיס, אין אַלע קעשעניס: "וואו האָט געקאָנט אַהינקומען דאָס פֿייגעלע? ווען האָט דאָס געקאָנט אַרויספֿליהען?"

— קיין עין הרע אַ ריהריוודיגע זאַך, כלעבען! — זאָגט דאָס ווייב כלומר׳שט מיט אַ שמייכיל, און קוקט אויף אייך ווי אַ גזלן, און דער גאַנצער עולם לאַכט.

איינער פֿרעגט וואָס איז דאָס געווען פֿאַר אַ פֿייגעלע? און דער אַנדערער פֿרעגט וויפֿיעל האָט דאָס געקאָסט? אַנדערע רעדען צווישען זיך שטילערהייט און אַנדערע שטיקען זיך פֿאַר געלעכטער. איינער אַ יונגערמאַן מיט ווייסע צייהן גיט אייך איין עצה, אַז תיכף ווי איהר וועט קומען קיין בויבעריק זאָלט איהר קלאַפּען אַ דעפּעשע קיין יעהופּעץ מע זאָל זוכען דאָס פֿייגעלע און דער איבעריגער עולם שיסט אויס אַ געלעכטער. איהר האָט שטאַרק חשק אָננעמען דעם דאָזיגען הכם מיט די ווייסע צייהן פֿאַר׳ן גאָרגיל און אַרויסשמייסען איהם דורכ׳ן פֿענסטער! אַ גליק וואָס עס קומט אַריין דער קאָנדוקטאָר מיט׳ן קאָנטראָליאָר און אַלע נעמען זיך צו די בילעטען.

אַז עס קומט צו אייך, פֿרעגט אייך דער קאָנטראָליאָר, פֿאַר וועמען זענען דאָס די צוועלף בילעטען? רעכענט איהר איהם אויס אויף די פֿינ־נער: דאָס ווייב, זעקס קינדער גרויסע, צוויי קליינע, איינע איין אַלטע און דריי דינסטען.

— נו, אַ וואַש בילעט [3] — פֿרעגט ער אייך און קוקט אויף אייך ווי אויף אַ רעכטען גנב, וואָס האָט געוואָלט זיך דורכשליטלען קיין בויבעריק אָהן אַ בילעט—נדיע ושע וואַש, וואַש בילעט?...

איהר ווערט נאָך מעהר פֿערטומעלט, איהר זוכט דעם בילעט אומעטום, איהר קוקט אינ׳ם קוימען פֿונ׳ם סאַמאָוואַר און טאַפּט זיך אין דער אונטערשטער קעשעני—ניטאָ מעהר קיין בילעטען! דערזעהט דאָס ווייב אַז איהר זוכט עפּיס, טהוט זי אייך אַ פֿרעג:

— וואָס איז שוין ווייטער? וואָס האָסט דו שוין ווידער פֿערלאָרען? טהו נאָר אַ קוק צום גילדענעם זייגער? האָסט נאָך אַ זייגער? צי דו האָסט איהם שוין פֿערלאָרען?

— איך האָב נישט פֿערלאָרען גאָר ניט! — זאָגט איהר מיט כעס און איהר חאַפּט דעם קוימען פֿונ׳ם סאַמאָוואַר און איהר טהוט איהם אַ שליידער פֿון זיך דורכ׳ן פֿענסטער.

— אין דער ערד אַריין מיט׳ן קאָפּ!...

אָט אַזוי, אָדער כּדומה אַזוי, איז געוועזן אויך אונזער אַריבערפֿאָהרען דאָס ערשטע מאָל פֿון יעהופּעץ קיין בויבעריק אויף דער דאַטשע.

(פֿאָרטזעצונג קומט).



[2]) פּאַטער, וואו איז דאָס קאַנאַריקיל?

[3]) נו, וואו איז אייער בילעט.

פעלקער בעליידינגען די הייליגע אינסטיטוציאָנען, אז אויף זיין וואָרט ווערט ניט געהערט. ער האַלט דאָס פעריינסגעזעץ פאַר אַ גראָבע אומגערעכטינקייט געגען די אמונה, געגען די קירכע און געגען די גלהים.

עס זענען שוין אָבער אַוועק די צייטען, ווען פאַר דעם פאַבסטס וואָרט האָט געציטערט די גאַנצע וועלט, ווען זיין וואָרט איז געווען דאָס העכסטע געזעץ אויף דער ערד; אויך די פאַבסטען מוזען זיך איצט בויגען פאַר די געזעצען פון די וועלטליכע רעגירונג און אויך זיי, וואָס האָבען אַמאָל מלוכות געגרינדעט און צושטערט, מוזען זיך איצט זאָגען דִינָא דְמַלְכוּתָא דִינָא. דער פאַבסט ניט דערום די גלחים־חברות די עצה זיך צו בעמיהען לויט דעם נייעם געזעץ אום ערלויבעניש ביי דער רעגירונג.

לויט דעם געזעץ דאַרף יעדע גלהים־חברה דערלאַנגען איהר ביטע דעם מיניסטער, און ער גיט איבער די ביטע דעם פאַרלאַמענט. די חברות וואָס ווערען פון פאַרלאַמענט ערלויבט, שטעהען אונטער דער הַשְׁגָחָה פון דער רעגירונג. מיטגליעדער פון ניט ערלויבטע גלחים־חברות קענען ניט גרינדען קיין אייגענע שולען און ניט זיין לעהרער אין פרעמדע שולען. צווישען די גלחים־חברות זענען אָבער דאָ אַזוינע, וואָס וועלען ניט בעטען אום ערלויבעניש, ווייל זיי וועלען זי געוויס ניט קריגען. צו זיי געהערען די אסאמפּסיאַניסטען און די יעזואיטען. די ערשטע האָבען 7 אייגענע צייטונגען און פיעל אייגענע שולען. אין די צייטונגען און אין דער ערציעהונג בעמיהען זיי זיך אונטערצוגראָבען די פראַנצויזישע רעפובליק און די פרייהייט, זיי ווילען אומקעהרען צוריק דאָס ראַד פון דער געשיכטע און דאָס סטאַרען זיי זיך צו טהון מיט דער הילף פון זייערע מיליאָנען, מיט דער ברכה פון דעם פאַבסט און מיט דער ארבייט פון זייערע מיטגליעדער. די יעזואיטישע חברות זענען אין פראַנקרייך שוין פון לאַנג אָן פערבאָטען, אָבער דאָס שטערט זיי ניט צו האַלטען אין לאַנד פיעל אייגענע שולען, וועלכע זענען געגרינדעט אויף דעם נאָמען פון פריוואַטמענשען— פערטרויענסמענער פון די יעזואיטען אין אויסלאַנד. אויך די אַלע יעזואיטישע שולען, וועלכע זענען אויף דעם נאָמען פון „שטרוימענער" וועלען איצט פערמאַכט ווערען.

די חברות פון גלחים און מאָנאַשקעס, וואָס פערנעהמען זיך אָבער נור מיט צְדָקָה־זאַכען און מיט אֱמוּנָה, זיי וועלען, ווי עס פערשטעהט זיך אַליין, קריגען גלייך די ערלויבעניש, אָבער זייער ארבייט וועט געשטעלט ווערען אונטער די אַלגעמיינע געזעצען פון לאַנד, בְּעֵת ביז איצט האָט זיך די שְׁלִיטָה פון די געזעצען אָבגעשטעלט ביי די טויערען פון די קלויסטערס. ווי ווייט די גלהים זענען געווען פריי פון געזעץ ווייזט די חברה מאַנאַשקעס „אונטער דעם גוטען הירט". זי האָט זיך ערוואָרבען גרויסע קאַפּיטאַלען נור דערמיט, וואָס זי האָט צוליעב איהר נאָמען פון פרומקייט און אמונה צוגעצויגען מאסען אַרבייטערינען, וועלכע האָבען געקראָגען אַגשטאַט בעלאָהנונג נור עסען און האָבען געארבעט פיעל לענגער, ווי דאָס געזעץ ערלויבט אין פראַנקרייך. די אַנגערופענע חברה האַלט איצט 47,000 ארבייטערינען, וועלכע וואָהנען צוזאַמען מיט די 7000 מאַנאַשקעס אין די הייזער פון „דעם גוטען הירט". אַזאַ אויסנוצען די אָרימע קלאַסען אין נאָמען פון אמונה ווערט איצט נאָך דעם נייעם פעריינסגעזעץ אונמעגליך געמאַכט. מיט איין וואָרט, דאָס פעריינסגעזעץ האָט די גרויסע בעדייטונג, וואָס פערגרעסערט די מאַכט פון דער רעגירונג און פערשמעלערט די מאַכט פון די גלחים, וועלכע ווערען בעהערשט פון

# דער באַנק־בילעט פון אַ מיליאָן פונט.

פון מאַרק טווען.

(פאָרטזעטצונג).

גאַנץ נאַטירליך האָט זיך עס אַזוי געפיהרט, ביז איך בין געוואָרען איינער פון די בעריהמטעסטע לייט פון דער גרעסטער שטאָדט אין דער וועלט. קיין איינציגע צייטונג, אין גאַנץ ענגלאַנד איז נישט געווען צו געפינען, וואו מען זאָל נישט געפינען איין אָדער עטליכע ארטיקעל וועגען "דעם מענש מיט דעם מילאָין אין וועסטען־קעשענע, און פערשיעדענע יְדִיעוֹת פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט און געטהון. צום ערשטען האָט מען פון מיר געשריבען אויף דער לעצטער זייט פון דער צייטונג צווישען פערשיעדענע ידיעות, דערנאָך בין איך העכער אַרויפגעקומען און מיין נאָמען האָט זיך געפונען באַלד נאָך די נעמען פון די גרעסטע לאָרדען און מאַרקיזען, פון דאַנען בין איך נאָך העכער געשטיגען און איך האָב מיך געפונען באַלד נאָך די פּרינצען פון קעניגליכען הויז, נעבען דעם נאָמען פון ערשטען מיניסטער. נאָר די אַרטיקלען ווי די אַרטיקלען. זיי האָבען מיך טאַקי אביסיל בעריהמט געמאַכט, נאָר אַ ריכטיגען שם האָב איך ערשט געקריגען, ווען דאָס בעקאַנטע איליוסטרירטע, הומאָריסטישע בלאַט "פונש" האָט אויס מיר אַ קאַריקאַטור געמאַכט, איך בין דאָרט געווען אויפגעמאָלט אין צוריסענע, שמוציגע קליידער שפּיעלענדיג ביליאַרד. נאָכדעם האָט מיך שוין גאַנץ לאָנדאָן געקענט, און חאָטש מען האָט זיך ערלויבט אביסיל צו לאַכען פון מיר, דאָך נישט אויסלאַכען מיך, דרך־ארץ האָט מען געהאַט פאַר מיר, און גערעדט האָט מען וועגען מיר מיט גרויס כָּבוֹד. מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס עס קען פיהלען אַ יונגער מענש, ווי איך, אַז ער ווייסט, אַז זיין מינדעסטעס וואָרט, זיין קלענסטע בעוועגונג ווערט באַלד צוטראָגען איבער גאַנץ לאָנדאָן, און ווערט איבערגערעדט און יעדען מויל. וואו איך בין געגאַנגען און וואו איך בין געשטאַנען, העהר איך אַלץ: "דאָ געהט ער", "דאָס איז ער, אָט דער". איך קען קיין מיטאָג נישט עסען, אַז איך זאָל נישט זיין אַרומגערינגעלט פון אַ גאַנצער מַחֲנֶה מענשען; קוים בין איך אין דער לאָזשע אַריינגעטרעטען אויף דער גרויסער אָפּער, האָבען זיך באַלד אַלע לאָרנעטען אומגעקעהרט צו מיר און איך האָב געפיהלט אויף מיר טויזענדער אויגען, מיט איין וואָרט — מיט מיר האָט גאַנץ לאָנדאָן געקלונגען, איך בין דער ערשטער בעריהמטער מענש געווען.

מיין אַלטען, צוריסענעם אנצוג האָב איך געהאַלטען ביי מיר, און איך פלעג מיר גאַנץ אָפט דאָס פערגניגען פערגינען: אָנצוטהוען מיך אין די אָרימע קליידער, געהן קויפען עפּיס אין אַ געוועלב אַריין, לאָזען מיך בעליידיגען, אַז איך בין אַ קַבְּצָן, אום דערנאָך — דעם באַנקבילעט פון וועסטיל קעשענע אַרויסצונעמען און איבערצושרעקען דעם פערקויפער. נאָר נישט לאַנג קען איך מאַכען די שטיקליך. פון דער איליוסטרירטער צייטונג איז מיין בילד אַזוי בעקאַנט געוואָרען, אַז קוים בין איך אַרויס אין מיינע בגדים אויף דער גאַס, איז מיר באַלד אַ האַלבע גאַס נאָכגעגאַנגען טריט ביי־טריט. און קוים בין איך צו עפּיס אַ געשעפט צוגעגאַנגען, איז מיר דער סוחר אַקעגען געלאָפען, און מיך געהייסען נעהמען חאָטש די גאַנצע קראָם סחורה זיינע. איידער נאָך איך האָב געקענט דעם באַנקבילעט ווייזען.

צעהן טאָג זענען אַריבער, זייט מיט מיר האָט גאַנץ לאָנדאָן געקלונגען, מיר האָט זיך פערוואָלט אָבפּטר׳ען מיין פאַטריאָטישען חוב, און איך האָב געמאַכט אַ וויזיט דעם אמעריקאַנישען געזאַנדטען. צוגענומען האָט ער מיך מיט׳ן גרעסטען כבוד, ווי עס געהער אַזאַ מיליאָנער, ווי איך; ער האָט געהאַט צו מיר אַ פּרעטענסיע פאַר וואָס איך בין ביז אהער נאָך נישט געווען ביי איהם, דערצו זאָגט ער מיר, אַז מוחל זיין וועט ער מיר נור אין דעם פאַל, אַז איך וועל פון אָווענד אַריינקומען צו איהם פערברייגגען מיט די געסט, וואָס פערזאַמעלן זיך ביי איהם. איך האָב איהם צוגעזאָגט צו קומען און האָב מיך אַריינגעלאָזט מיט איהם אין אַ ווייטען שמועס. אין מיטען שמועס האָט זיך אויסגעוויזען אַז ער און מיין פאָטער זענען צוזאַמען געגאַנגען אין גימנאַזיום, צוזאַמען געלערנט אין אוניווערזיטעט און ביז צו מיין פאָטער׳ס

רוים און וועלכע ארבייטען גענען די פּאָליטיק און די געזעצען פון דער רעגירונג.

אין ענגלאַנד ווערען די שטימען, וואָס פערלאַנגען שלום מיט די בויערען, אַלץ העכער; זיי זענען נאָך אָבער אַלץ צו שוואַך, איבערצושרייען דעם המון און זיינע פיהרער. דער מיניסטער טשעמבערלען האָט ערשט אין אַ רעדע ווידער געזאָגט, אַז די מלחמה מוז געפיהרט ווערען ביז צו איהר גליקליכען סוף. אין די לעצטע דריי חדשים האַבען די בויערען פערלאָרען אין דער מלחמה (געהרג'עטע, פערוואונדעטע און געפאַנגענע) 8000 מענשען. אַזאַ גרויסע אָבצעהרונג אין רעפּובליקאַנישען חיל מוז אין גיכען פיהרען צו אַ סוף. די בויערען אָבער האַלטען זיך נאָך אַלץ מוטהיג און פערלירען ניט די האָפענונג נאָך אַ גאַנץ יאָהר אויסצוהאַלטען די שווערע מלחמה מיט דעם מעכטיגען פיינד.

נאָך דער רוסיש־טערקישער מלחמה (אין 1877—78) האָט רוסלאַנד געפונען ווענינ דאַנקבאַרקייט אין די באַלקאַנישע מלוכות, וועלכע זענען דורך איהר הילף בעפרייט געוואָרען פון טערקיי. באַלגאַריען און סערביען זענען לאַנג געגאַנגען צוזאַמען מיט עסטרייך אין דער פיינדליכער פּאָליטיק גענען רוסלאַנד. די לעצטע יאָהרען איז עס אָבער אויף די באַלקאַנען אַנדערש געוואָרען. די מאַכט פון רוסלאַנד אין די בעפרייטע סלאַווישע מדינות ווערט אַלץ שטאַרקער. איצט האָט רוסלאַנד געטהון אַ גרויסע טובה דער באַלגאַרישער רעגירונג, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַ שלעכטער פינאַנציעלער לאַגע. באַלגאַריען האָט אומזיסט געזוכט באַנקירען אין אויסלאַנד, ביי וועלכע זי האָט געוואָלט מאַכען אַ הלוואה אויף איינצוצאָהלען איהרע נייטהיגע חובות. דער טערמין האָט זיך אַלץ גערוקט נעהנטער און קיין געלד איז ניט געווען וואו צו קריגען. אין דער לעצטער שעה אָבער האָט די רוסישע רעגירונג מודיע געווען, אַז די רוסישע רעגירונגסבאַנק לייהט איהר 8 מיליאָן פראַנק. עס פערשטעהט זיך, אַז די פריינדליכקייט פון דער רוסישער רעגירונג האָט נאָך מעהר פערשטאַרקט אין באַלגאַריען דעם צובונד צו רוסלאַנד.

י. ל.

---

## בריעף פון ארץ ישראל.

יפו ב' תמוז אתתל"ב.

זיך רעטען! — הערט זיך יעצט פון אונז פון אַלע זייטען, — פון די אַרבייטער, פון די קאָלאָניסטען, פון די וויינבויער אין אַלע קאָלאָניעס.

— מיר מוזען און ווילען אַלע אונזערע קרעפטען אַנווענדען און ביז דעם לעצטען מאָמענט קעמפּפען, אום אונזער לאַנד ניט צו פערלאָזען! — שרייען אַלע. און איין נייער שטראָם פון לעבען שפירט זיך איצט אומעטום.

ערנער פון אַלעמען איז די אַרבייטער. די טענ איז געווען ביי זיי איין אַלגעמיינע פערזאַמלונג, אויף וועלכער די דעלעגאַטען האַבען אָבגעגעבען דין וחשבון פון דער דעלעגאַציאָן אין פאַריז. די ידיעות האָבען אויף אַלעמען געמאַכט איין זעהר טרויריגען איינדרוק. די ביז איצטיגע פאָרשטעהערס האָבען געמעלדעט, ראָס זיי קענען ביי אַזאַ צושטאַנד ווייטער ניט אַרבייטען, דען פאַר אַ גרויסען טהייל איז איצט געבליבען איין וועג, דאָס איז — פערלאָזען ארץ ישראל, אום ניט צו שטאַרבען פאַר הונגער. ווער וויים, מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיגען, אויב פון דער זייט וועט ניט זיין קיין הילף און קיין ראַטה?

ווי ווייט עס איז שווער פאַר די אַרבייטער צו פערלאָזען דאָס לאַנד און ווי ווייט די קאָלאָניסטען סטאַרען זיך ביי דער קלענסטער

---

טויט איז ער מיט איהם זעהר בעפריינדעט געווען, און דער געוואַנדטע האָט מיך געבעטען, אַז ווען נור איך וועל האָבען פרייע צייט, זאָל איך קומען פערברייינגען אין זיין הויז. זיין אַנלאַדונג, פערשטעהט זיך, האָב איך גאַנץ גערן אָנגענומען. דערצו האָב איך מיר איבערלעגט, אַז זיין הילף קען מיר גאַנץ נייטהיג זיין, אַז מען וועט געוואהר ווערען פון מיין אָרימקייט און איך וועל בלייבען באַנקראָט, וועט ער מיך דאָך קענען ווי עס איז מציל זיין, איך זאָל נישט האָבען גאָר אַ שלעכטען סוף. איינענטליך האָב איך אַליין נישט געוואוסט, ווי אַזוי ער קען מיר בעהילפיג זיין, פון דעסטוועגען, האָב איך גערעכענט, אַז עפּיס טהון פאַר מיר וועט ער מוזען און וואָס צו טהון וועט ער שוין געפינען. אַנטרויען איהם אַלץ, וואָס איז מיט מיר געשעהן, אויסזאָגען איהם מיין סוד, איז שוין צו שפעט געווען — ניין, ראָס האָב איך יעצט שוין נישט געקענט טהון, איך בין שוין צו טיעף אַריינגעפאָהרען אין דעם עסק, און וועניגסטענס. אַזוי טיעף, אַז איך האָב דאָס נישט געקאָנט אַנטרויען אַ נייעם בעקאַנטען; דערצו האָב איך ביי מיר אין האַרץ די האָפנונג נישט נעהאַט פערלאָרען. חאָטש איך האָב אַלץ געלעבט אויף באָרג, האָב איך דאָך נישט פערגעסען, ווי איך האַלט אויף דער וועלט און געלעבט שפּאַרזאָם, — אַז איך זאָל בכח זיין אָבצוצאהלען מיינע חובות פון דעם שפּעטערדיגען געהאַלט. געניי האָב איך אַפילו נישט געוואוסט, ווי גרויס מיין געהאַלט וועט זיין, דאָך האָב איך מיך משער געווען, אַז עס וועט זיין איין אָרענטליכער, ווייל אין בריעף איז דאָך געשטאַנען געשריבען, אַז איך וועל מיר קענען אויסקלויבען אַ שטעל, וואָס מיר וועט געפעלען. אַז איך וועל געפעלען און אַז איך וועל צו יעדער שטעל טויגען, דערין בין איך זיכער געווען. דעריבער איז ביי מיר אויסגעקומען, אַז איך וועל קריעגען געהאַלט פון 600 ביז 1000 פונט אַ יאָהר. לאָמיר אָננעהמען אַז דאָס ערשטע יאָהר וועל איך קריעגען נור 600 פונט און פון יאָהר צו יאָהר וועט מען מיר מוסיף זיין — איך וועל דאָך געטריי דיענען — ביז אויף טויזענד. מיינע חובות ביז יעצט טרעפען אָן נור אַ האַלב פון מיין געהאַלט אין ערשטען יאָהר, געלד האָט מען מיר צוגעטראָגען פון אַלע זייטען, מען האָט מיך געבעטען, איך זאָל באָרגען, נאָר איך האָב אַסך אָבגעזאָגט און נישט געוואָלט צונעהמען, און מיין אַלע חובות בעטרעפען יעצט אַן ערך פון 300 פונט, בלייבט מיר נאָך אויף דער הוצאה פון ערשטען יאָהר 300 פונט. פון דעם געהאַלט פון צווייטען יאָהר האָב איך גערעכענט אויסצוקומען ביז צום ענדע פון חדש, ווען די ברידער וועלען צוריקקומען און איך וועל ווערען אויפ'ן רעכטען אמת אַ מענש, און אַלזאָ איז ביי מיר געבליבען, אַז מיינע בעלי־חובות וועל איך אויסצאָהלען מיט אַנווייזונגען אויף מיין געהאַלט אין די ערשטע צוויי יאָהר.

ביים טיש אין געוואַנדטענס שטוב זענען מיר געזעסען 14 פערשוין, גאָר גרויסע לייט דהיינו: איך, דער הערצאָג און די הערצאָגין .S מיט זייער טאָכטער, גראַף .N לאָרד און לעדי .P און נאָך עטליכע, אויך מענשען, נאָר אָהן ראַנגען און טיטלען, דער געוואַנדטע, זיין ווייב, זיין טאָכטער און ווינם אַ אַנסט אַ יונג מיידיל פון 22 יאָהר, אין ענגלענדערין גאָר אַ שענע אין וועלכע איך האָב מיך אין פערלויף פון צוויי שעה כמעט ווי פערליעבט, פונקט אַזוי ווי זי אין מיר — וואָס איך האָב געקאָנט בעמערקען און וויסען אויף קלאָהר אָהן ברילען אַפילו קוקענדיג. דערצו איז נאָך איין גאַסט געווען, איין אַמעריקאַנער, — נאָר איך האָב צופיעל אויס מיט מיין מעשה. בשעת ווען די גאַנצע געזעלשאַפט איז געזעסען אין סאַלאָן און מיט בענגשאַפט געוואַרט אויף דאָס עסען און האָבען אַנגעקוקט אַביסיל בייזן די, וואָס זענען שפּעט געקומען, — האָט דער לאָקיי געמעלדעט: מיסטער לאָרד האַסטינגס.

דער נייער גאַסט, כאַלד נאָך דעם ווי ער איז פערטיג געוואָרען מיט דער בעגריסונג, האָט זיך גענומען איינקוקען אין מיר מיט אויסגעגלאָצטע אויגען, דערנאָך איז ער צוגעקומען צו מיר מיט איין אויסגעשטרעקטע האַנד. ווי ער איז אָבער צוגעגאַנגען צו מיר און געוואָלט שוין אָננעהמען מיין האַנד, בלייבט ער פּלוצלינג שטעהן און זאָגט מיט עפּיס אַ טרויריגער מינע:

מעגליכקייט דא צו פערבלייבען, זעהען מיר פון דעם, דאס ווען זיי האבען נור צו וואס זיך צוצושלאגען, זיי זאלען חאטש, זייער שטיקל ברויט פערדיענען, בלייבען זיי דא גערן, אפילו ווען דאס איז פערבונדען מיט גרויסע שוועריגקייטען. איך וועל דא בריינגען נור אפאר ביישפיעלע: פון די ארבייטער, וואס האבען פערלארען זייער ארבייט אין קעלער, האבען דריי צוזאמען בעשלאסען צו מאכען איין מעהל־מיהל אין מוצא, און די טעג האבען זיי שוין בעצוינגען די נייטהיגע מאשינען. איינער פון קעלער האט נעקויפט א שטיק גארטען אין ועד־חנין און אליין האט ער בעקומען א שטעלע אין רחבות אלס וויינער (פון דעם וועל איך שפרעכען ווייטער). נאך מעהר איז אבער אינטערעסאנט די אונטערנעהמונג פון צוויי ארבייטער צו מאכען איין מיהל אין דער נייער שטאדט „באר־שבע", וועלכע איז פינף שעה ווייט פון גאזא און בעזעצט מיט בעדואינער. אין דער דאזיגער שטאדט האבען אונזערע ארבייטער געקויפט א שטיק בויפלאץ און גרייטען שוין יעצט צו אלץ, וואס מען ברויכט צו דער מיהל. עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז אין דעם ארט זענען ניט נור ניט קיין יודען, נאר עס זענען דא אפילו קיין אנדערע אייראפעער איז ניטא.

יא, פון אזוינע מענשען בעשטעהען אונזערע ארבייטער, און ווען זיי וואלטען נור געהאט מיט וואס, וואלטען זיי אפילו גרייט געווען מיט זייער לעבען צו ריזיקירען, נור ניט צו פערלאזען ארץ ישראל.

ניט פרעהליכער איז עס מיט אונזערע וויינבויער. זיי שמייסט מען מיט צוואנציג בייטשען! ערשטענס, האט מען אבגעזאגט פון שטעל דעם הויפט־וויינער, וועלכער האט דורך זיין גרויסע קענטענים און דורך זיין ארבייט פערשאפען דעם ראשונ׳ער וויין אזא פיינעם נאמען אין דער וועלט און וועלכער האט געבראכט דערצו, אז דער ראשונ׳ער וויין האט געקראגען איין גילדענע מעדאיל אויף דער פאריזער וועלטאויסשטעלונג.

דאס האט אבער זעהר פיעל מיה געקאסט דעם הויפטוויינער, ביז ער איז צו דעם געקומען. און ווען מיר וועהרען איהם אן, פערלירען מיר אויך די זיכערהייט, אז עס וועט ווייטער אזוי געזארגט ווערען פאר דעם וויין און פאר דעם האנדעל ווי ביז איצט. וואס פאר א פרייזען עס וועלען שוין דאן זיין אויף די טרויבען?... אבער אין פאריז וויל מע פון די אלע זאכען גאר ניט וויסען, עס איז רעכט געווען די שטעלע פון דעם אלטען געניטען וויינער אבצוגעבען א יונגען מאן, וועלכער האט אויף זיין לעבען קיין קעלער געזעהען!... די קאלאניסטען פון ראשון־לציון האבען אזוי פיעל מוטה געהאט, געגען דעם צו פראטעסטירען אין א בריעף צו ה׳. פאריענטי און דעם יונגען גערטנער האט מען געבעטען פערבלייבען ביי זיין פאך, אבער דאך מיט דעם איז די זאך ניט געהאלפען. מען האט איין צווייטען קאנדידאט בעשטימט, דעם וויינער פון זכרון יעקב, וועלכער איז אבער פיר די גרויסע און פעראנטווארטליכע ארבייט. וואס שטעהט פאר אין די גרויסע ראשונ׳ער קעלערס נאך ניט געוואקסען. נאר אין פאריז קימערט מען זיך וועגען דעם גאנ׳ן וועניג. די ענערגישע, טרייע און טיכטיגע ארבייט פון דעם אלטען ראשונ׳רע וויינער, וועלכע אוז אומעטום אנערקענט, וויל ניט אנערקענט ווערען פון די נייע פארשטעהער פון אונזער ישוב.... צווייטענס, האט מען שוין נעגעבען קלאר צו פערשטעהן, דאס אויך דעם יאהר וועט מען ווארפען ווייטער די מקחים אויף די טרויבען. ווי דער באראן האט געשריבען די לעצטע טעג אין א בריעף צו די קאלאניסטען איז רעכט, עס זאלען זיין אזעלכע פרייזען, דאס עס זאל ווירקליך ניט לוינען אפילו אראבצונעהמען די טרויבען פון די גערטנער; נאר שוין נאך דעם בעסערן פאל רעכענט מען, עס זאל זיין דאס יאהר 15 פראנק א קאנטאר פאר אלע פראנצויזישע סארטען און 30 פר. פאר די פיינע — ווי מוסקאט, סאטערן,

---

— זייט מוחל, מיר דאכט זיך, אז איהר זענט מיר בעקאנט —

— נו, גוטער ברודער, דו קענסט מיך.

— ניין, דו ביזט דאס דער...

— די גרויסע חיה מיט דער וועסטיל־קעשענע? אוודאי יא, דו קענסט מיך גאנץ אפען רופען מיט דעם צונאמען ביים טיש, איך בין שוין דערמיט געוואהנט.

— אזוי, אזוי! אזוי אומגעריכט! איך האב שוין עטליכע מאל געזעהן דיין בילד אבגעדרוקט מיט דעם צונאמען, אבער מיר איז גאר נישט איינגעפאלען, אז דו ביזט דאס הענרי אדאמס. עס איז דאך נאך נישט קיין האלב יאהר, ווי דו האסט אין סאן־פראנציסקא געהאט א שטעל אין סאפינקס קאנטאר, וואו דו האסט נאך ביינאכט מיט מיר צוזאמען געארבעט צו ארדענען די ביכער פון די קוילען־גרובען... געדענקסט? און מיך זאל דאס חלומ׳ען, אז איך וועל דיך טרעפען דא אין לאנדאן אלס א בעריהמטען מיליאנער און א בעוואוסטען מענשען אין דער גאנצער שטאדט! עפים א מין ווילדע געשיכטע! איך קען דאס גאר נישט פערשטעהן, נישט בעגרייפען, ווי אזוי? לאז מיך אביסיל צו זיך קומען.

— דעם אמת זאגענדיג, לארד, ווייס איך אליין נישט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. איך בין פונקט אזוי פיעל פערוואונדערט ווי דו.

— למען השם וואס איז דאס עפים?! הער, דאכט זיך, היינט איז דריי חדשים ווייט מיר זענען צוזאמען געגאנגען אין מינער׳ס רעסטאראן.

— ניין, האסט א טעות, אין אואיט׳ס רעסטאראן.

— יא, דו ביזט גערעכט. און אואיט׳ס. געדענקסט? ווינער צוויי האט מען זיך געהייסען געבען א קאטלעט און טהיי. נאך דעם האבען מיר זעקס שעה צוזאמע געארבעט און געשוויצט איבער די ביכער, איך האב דיך דעמאלט אנגערעדט מיט צופאהרען מיט מיר קיין לאנדאן און האב מיך אונטערגענומען די אורלויב צו שאפען אין קאנטאר, און דיך פריי אויסצוהאלטען אויף מיין הוצאה, און האב דיר נאך צוגעזאגט א פערדיענסט, אז איך וועל מיין געשעפט אויספיהרען, און דו האסט בשום אופן נישט געוואלט הערען דערפון, ווייל דו האסט נישט געוואלט שטעלען אויף ריזיקע. און דא — נא דיר! ווי קומסט דו אהער? ווי אזוי ביזט דו פלוצלינג אזוי רייך געווארען? וואס איז, גוטער ברודער?

— גאר צופעליג. עס איז א לאנגע געשיכטע, א גאנצער ראמאן. קען מען זאגען. איך וועל דיר אלץ דערצעהלען, נאר נישט יעצט.

— ווען דען?

— סוף חדש ערשט.

— דאס הייסט, איך האב נאך 14 טאג צו ווארטען, ניין, דאס איז צו פיעל. אין א וואך, יא?

— ניין! איך קען נישט. דו וועסט שוין געוואהר ווערען פאר וואס. ווי געהט עס דיר מיט דיינע געשעפטען?

ער האט געמאכט זעהר א טרויריגע מינע און זאגט מיט א זיפץ:

— דו ביזט גאנץ גערעכט געוועזען. הלואי וואלט איך דא אהער נישט געקומען. עס איז גלייכער דערפון נישט צו רעדען.

— ניין, דו מוזט מיר דערצעהלען, ווארט, מיר וועלען אהיימקומען, וועסט דו דערצעהלען.

(ענדע קוממט)



מאלבעק א. ז. וו. ! די קאלאניעס ווי גדרה, פתח־תקוה, רחבות, וועלכע מוזען נאך פיהרען די טרויבען אין קעלער, וועלען נאך האבען 5 פר. ביליגער, דען דאס קאסט זיי דאס צושטעלען ביז ראשון.

ווער עס האט נור א בעגריף פון וויינגערטנער, און פון פרייזען אויף טרויבען קען פערשטעהן, וואס הייסט 10 פר. א קאנטאר אליקאנט (22 ½ קאפ. א פוד) ! אדער 25 פר. א קאנטאר סאטערן (40 קאפ. א פוד) !

עס פערשטעהט זיך, אז אזא לאגע האט ארויסגערופען א גרויסע בעוועגונג צווישען א גרויסען טהייל פון אונזערע וויינבויער.

— סיי ווי סיי — זאגען זיי —, זענען מיר ביי די פרייזען פערלארען; און צו דעם איז אויך דאס געלד, די 22 קאפ. פאר דעם פוד אליקאנט אדער קאריניאן ווייטער בעטלער ברויט, אזוי שרייט נאך די אדמיניסטראציאן ביז היינט. גענוג אבער בעטעל ברויט ! מיר וועלען פראבירען איין מאל פאר אלע מאל אליין טהון וואס מיר וועלען קענען, אום זיך אונזער זעלבסטשטענדיגקייט צו ערווערבען !... ברויט מיט וואסער, נאר אייגענעס ! אבער מיר זענען נאך זיכער, דאס מיר וועלען קיינע ערגערע רעזולטאטען מאכען ווי די סאראנער אדער חייפער דייטשען, אדער אלע אנדערע וויינבויער אין ארץ ישראל. און מיט דעם וועלען מיר אם בעסטען בעווייזען, ווער עס האט שולד אין דעם, דאס ביי דער אדמיניסטראטיווער הנהגה מיט די גרויסע מיליאנען, מוזען מיר אלע אונטערגעהן ?! ....

און מערקווירדיג ! ביים דער ערשטען שריט נאך דעם אכצעהן־יעהריגען שלאף, האבען די „אונפעהיגע קאליקעס" געוויזען וואונדער ! זיי האבען געעפענט זייערע אויגען, אויסגעגלייכט זייערע הענד, אויסגעגלייכט זייערע צובראכענע רוקענס און אנגעהויבען מיט זייערע לעצטע קרעפטען צו ארבייטען.

די קאלאניסטען פון גדרה האבען געמאכט צווישען זיך איינינע חברות און האבען מיט גרוים שוועריגקייט בעקומען די נייטהיגע מיטלען, צו מאכען די פארבערייטונגען אליין אויסצוארבייטען זייערע טרויבען עס איז אויסגעבויט געווארען ביז צעהן גרויסע בירקעס (באסיינען), פון דעם ווין אויסצוארבייטען קאניאק, זיי רעכנען ביז 1000 קאנטאר אליין צו פערארבייטען, די איבריגע נור א 600 — 500 קאנטאר וועלען זיי געבען אין ראשונ'ער קעלער.

אין רחבות איז די טעג געווארען א געזעלשאפט פון מעהרערע קאלאניסטען צו מאכען פון א טויזענד קאנטאר וויין ; זיי האבען שוין די נייטהיגע פעסער, פרעסען א. ז. וו. אויסגעשריבען פון איירופא און אלס ווייגער האבען זיי גענומען דעם געוועזענעם געהילפע אין ראשונ'ער קעלער. אויך א טהייל האט מען פערקויפט ירושלימ'ער וויינערס.

פון ראשון ווערט געמאכט איין פראבע צו שיקען פרישע טרויבען אין אלעקסאנדריען, ביירוט, פארט־סאיד. אויך איינינע וועלען אליין וויין מאכען.

דאסזעלבע זעהען מיר אין פתח תקוה און אפילו אין ועד־חנין. פון חדרה האבען די ברידער ח־ן געדונגען א פלאץ אין יפו מיט וואסער, בירקעס און וועלען אהער ברייגגען זייערע טרויבען אום אויף דעם פלאץ צו מאכען וויין.

ווי עס איז פון איין זייט זיך צו פרעהען צוזעהענדיג די פרישע ארבייט' דאס פרישע לעבען פון אונזערע קאלאניסטען, איז פון דער אנדער זייט אבער אויך צו בעדויערן; דאס יעדער שריט קומט אן מיט אזוי פיעל שוועריגקייטען און דאס עס איז אין ערגיץ ניטא קיין ראטה און קיין הילף....

אבער עס וועט דאך מוזען דורכ־ברעכען: איצט מעהר ווי שטענדיג מוזען אונזערע קעמפפער געדיינקען אונזער אלטען: „אם אין אני לי מי לי ?" עס וועט זיכער זיי קאסטען פיעל מיה, זיי וועלען אויך פיעל פעהלער מאכען, אבער נור אויף דעם וועג פון זעלבסט־הילף קענען זיי האפען זיך צו רעטען.

דאס צופאלען אויף איינצעלנע קליינע גרופען אהן איין אלגעמיינעם פלאן ווי אזוי די טרויבען צו פערארבייטען און ווי אזוי די וויינען צו פערקויפען—וועט זיי ווייזען, ווי נייטהיג עס איז זיך צו פעראיניגען אין א גרויסע געזעלשאפט, וועלכע זאל זיין געגרינדעט אויף פראקטישע און פעסט־געשטעלטע יסודות, נאר דאס וועט שוין זיין דער צווייטער שריט. דער ערשטער שריט איז שוין אבער געמאכט געווארען נאך דעם אכצעהן־יאהריגען שלאף, נאך דעם אכצעהן־יעהריגען גלויבען נור אין איין מענשען, אין איין בשר ודם.... אויף דעם וועג איז אויך צו האפען דאס אונזערע ברידער וועלען זיי אויך ניט פערלאזען און מיט אלע קרעפטען מיטהעלפען, זיי זאלען קענען ערגרייכען איין זיכערעס און זעלבסטשטענדיגעס לעבען.

דער אלטער ציוניסט.

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

א יודישער טשינאווניק. א יוד מיט א מעדאיל. סאטיריקער ה' טביוב.

מיר זענען פון לאנגע יאהרען געוואהנט אנרופען די ראבינער מיט א צונאמען „יודישע טשינאווניקעס". אונטער דעם נאמען מיינט מען אזוינע ראבינער, וועלכע האבען גערעכענט, אז זייער ראבינעריי בעשטעהט נור אין פיהרען די ביכער פון טוידטע און לעבענדיגע און נעהמען דריי־ערליך פאר חתונה־קוויטליך. אין דער דריינארענדיגער ליטעראטור פון די רוסישע יודען איז א סך געשריבען געווארען וועגען די יודישע טשינאווניקעס, איינער פון אונזערע פאעטען האט אפילו געשריבען שירים מיט דעם נאמען „דער יודישער טשינאווניק". נאר אז א ראבינערשטעל זאל פערנעהמען טאקי איין אמת'ער טשינאווניק איז נאך קיין איינציג מאל ניט פארגעקומען פון ששת ימי בראשית, זייט עס זענען בעשאפען געווארען ראבינער אויף דער וועלט.

נאר דאס, וואס קומט ניט פאר מיט קיין פאלק אויף דער וועלט, קומט פאר מיט יודען: אז פרעה האט געהייסען אלע זכרים אריינווארפען אין טייך אריין, האבען זיך יודען געמעהרט און געפרוכפערט מעהר ווי אלע פעלקער; ווען יודען זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים, זענען זיי דעם ים דורכגעגאנגען אין דער טרוקעניש, און די מצרים, וואס האבען זיי נאכגעלאפען, זענען אלע אין ים איינגעזונקען געווארען; יודען האבען זיך געשפייזט אין דער מדבר מיט מן און דערנאך זענען זיי געווארען א גרוים פאלק. אין די צוויי טויזענד יאהר, זינט דער בית־המקדש איז חרוב געווארען, זענען פיעל אנדערע גרויסע פעלקער אונטערגעגאנגען, אז פון זיי איז קיין זכר ניט געבליבען, און דאס יודישע פאלק לעבט עד היום אין די יודישע שטעדט און שטעדטליך מיט בתי־מדרשים, מיט הקדש'ן, מיט מקוות, מיט בעלי טאקסעס, מיט יודישע גבירים, מיט שוחטים, דיינים, רבנים, מיט ראבינער און מיט דעסטגלייכען גוטע זאכען, און די גאנצע וועלט וואונדערט זיך אויף דאס יודישע פאלק, וואס

עס קומען פֿאַר מיט איהם אַזוינע זאַכען, אַנדערש ווי ביי אַלע אַנדערע פֿעלקער.

און אַט איצטער איז ווידער פֿאָרגעקומען מיט יודען אַ וואונדער־ליכע זאַך אין דער גרויסער שטאָדט אָדעס, וואו עס צעהלט זיך 150 טויזענד יודען.

אין אָדעס האָט זיך פֿון לאַנגע יאָהרען אָן געפֿ.נען איין ראַבינער מיט צוויי פּאָמאָטשניקעס. מיט אַ יאָהר 6 צוריק איז נעשטאָרבען דער ראַבינער און מען קלויבט אַ ראַבינער שוין זייט 6 יאָהר און מען האָט נאָך אַלץ ניט אויסגעקליבען; פֿאַר וואָס, פֿאַר וועון האָט מען אין אַזאַ לאַנגע צייט ניט אויסגעקליבען, ווייס קיינער ניט, אָדער מען האַלט עס בסוד סודות און איך בין ניט מחויב אויסצוזאָגען אַ סוד פֿון חדר. די אָדעסער ראַבינעריי האָבען די גאַנצע 6 יאָהר געפֿיהרט די צוויי איבער־געבליבענע פּאָמאָטשניקעס און זיי האָבען עס אַזוי לאַנג געפֿיהרט, ביז איינער איז געשטאָרבען און דער צווייטער איז קראַנק געוואָרען און גע־מוזט אוועקפֿאָהרען קיין אויסלאַנד זיך קורירען. און די אָדעסער קהלה פֿון 150 טויזענד יודען איז אין גאַנצען געבליבען אָהן אַ ראַבינער.

יודען זענען אַ וואונדערליך פֿאָלק, נאָר די אָדעסער יודען זענען נאָך וואונדערליכער, זיי וואָלטען זיך ווייטער בעגאַנגען אין גאַנצען אָהן אַ ראַבינער, זיי האָבען זיך עפּיס ווי דערפֿרעהט. וואָס זיי האָבען זיך ענדליך אין גאַנצען בעפֿרייט פֿון די ראַבינער, נאָר דאָ האָט שוין די נאַטשאַלסטווע, וואָס קוקט אומעטום מיט טויזענד אויגען, אַז עס זאָל זיין אומעטום אָרדענונג, ניט געקענט ליידען און האָט אָנגעהויבען שרייען אויף אָדעסער יודען:

— קלויבט אייך אוים אַ ראַבינער!

אָדעסער יודען שווייגען.

— קלויבט אייך אוים אַ ראַבינער!! טופּעט מיט די פֿים דאָס נאַטשאַלסטווע.

אָדעסער יודען שווייגען. וואָרום זאָגען נאַטשאַלסטווע, אַז אָדעסער יודען קענען זיך אין גאַנצען בענעהן אָהן אַ ראַבינער, פּאַסט עפּיס ניט.

— אַ איהר שווייגט, איהר דאַרפֿט ניט קיין ראַבינער, איהר ווילט ניט זיין קיין יודען, מיר וועלען אייך ווייזען, אַז איהר מוזט בלייבען יודען! האָט נאַטשאַלסטווע געזאָגט און באַלד אויף דער אָדעסער ראַבי־נערשטעל געזעצט אַ טשינאָווניק, ניט מיט קיין צונאָמען, נאָר איין אמת'ן טשינאָווניק — אַ "דיעלאָפּראָיזוואָדיטעל" פֿון דער אופּראַווע.

איך בין זיכער, אַז דער טשינאָווניק פֿון דער אופּראַווע איז איי־נער פֿון די לייטישסטע, פֿיינסטע, ליעבסטע, געבילדעטסטע מענשען, נאָר ווי קומט אויף אַ ראַבינערשטעל אַ טשינאָווניק פֿון דער אופּראַווע?

ווי קומט? אַזוינע שאלות קומט אָפּט אוים צו פֿרעגען ביי אונז יודען.

ווי קומט, אַז אויף דער אויסשטעלונג פֿון לאַנדווירטשאַפֿט אין לובלין זאָל אַ יוד בעקומען אַ מעדאַיל פֿאַר פֿעטע חזרים, וואָס מען האָט זיי גוט ערצויגען.

ווי קומט עס, אַז צווישען יודען זאָל זיך געפֿינען אַ יודישער שרייבער, וואָס זאָל זיך בעריהמען אין אַ יודישער צייטונג מיט אַזאַ לשון: "איך דער מענש, האָב פֿון מיין יוגענד אָן ביז דעם הייגטיגען טאָג פֿיינד געהאַט תַּכְלִית שִׂנְאָה דעם יודישען זשאַרגאָן און אין אמת אַליין האָב איך נישט מְטַנֵּף געווען מיינע הענד מיט שרייבען אין דעם לשון, נור איין מאָל אין מיין לעבען האָב איך צו ליעב אַ מיידיל מיט שענע אויגען אָנגעשריבען אַ ליעד אויף זשאַרגאָן".

דער דאָזיגער מין שרייבער איז ה' טביוב און די יודישע צייטונג, אין וועלכער ער שרייבט די טייערע ווערטער, איז נעביך דער אָרימער "המליץ" (נו' 132—130), וואָס דרוקט אַלעס.

איך פֿרעג: קען דען מיט אַ בעסערען לשון שרייבען אַ מאַרק־יודינע?

נאָר פֿערשטעהט איהר מיך, די גאַנצע זאַך איז, וואָס ה' טביוב האַלט זיך, אומשטיינס נעזאָגט, פֿאַר אַ "סאַטיריקער" און, אַבי זיינע לע־זער זאָלען לאַכען, שטעלט ער זיך ביי קיין זאַך ניט אָב און קיצעלט דעם עולם מיט אַזוינע חכמות און מיינט, אַז מען וועט פֿון זיין פֿיש־מאַרק־לשון לאַכען.

וועלענדיג נאָכמאַכען די "סאַטיריקער", פּרעפּעלט ה' טביוב וויי־טער אין "המליץ", אַז מיט דער נעשיכטע מיט דעם מיידיל, פֿאַר וועלכע ער האָט געשריעבען אַ ליעד, מיינט ער ניט צו געבען מאַטעריאַל פֿאַר זיין ביאָגראַף; — ער איז בטוח, אַז אַלע שרייבער, סיי די יונגע סיי די אַלטע האָבען איהם פֿיינד.

ווי קומט אָבער צו יודען אַזאַ רעדאַקציאָן, וואָס דרוקט אַליין זשאַרגאָנישע "בלעטער" און האָט די הָעָזָה צו בעשמוצען דאָס פֿאָלק און זיין שפּראַך? ווי קומט צו יודען אַזאַ שרייבער, וואָס זאָל האָבען די חוצפה אַזוי צו רעדען איבער די שפּראַך, אין וועלכער עס רעדט דער גרעסטער טהייל פֿון יודישען פֿאָלק זייט הונדערטער יאָהרען? נאָר ווי קומט אויך צו יודען אַזאַ יודישער גוטבעזיצער, וואָס בעקומט אַ מעדאַיל פֿאַר גוטע, פֿעטע, ערצויגענע חזרים?

דער תירוץ איז, אַז אונזער גאַנצעס לעבען איז פֿול מיט וואונ־דער, און דערום קען ביי אונז אַלץ פֿאָרקומען, אַלץ, וואָס ביי קיין אַנדער אומה ולשון קען קיינמאָל ניט פֿאָרקומען.

אמת.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך.** * * יודישע נאַציאָנאַליטעט. מיט עטליכע יאָהרען צוריק האָבען די יודיש־נאַציאָנאַלע סטודענטען אין קראָקא אויפֿגעקלעבט אין דער אוניווערזיטעט איין אויפֿרוף צו די יודישע חברים, אַז זיי זאָלען נישט פֿערליי־קענען זייער נאַציאָנאַליטעט און ביים איינשרייבען זיך אין אוניווערזיטעט זאָלען זיי אַנגעבען אַז זייער נאַציאָנאַליטעט איז די יודישע. דאָסועלבע האָבען גע־טהון די סטודענטען אין לעמבערג. און די זאַך האָט דאַמאָלס אַרויסגערופֿען אַ רעש און אַ בעוועגונג. די שול־בעהערדען האָבען אַנפֿאַנגס נישט געוואָלט אַנ־ערקענען די "נייע" נאַציאָנאַליטעט, נאָר די קראָקויער און לעמבערגער סטודענ־טען האָבען זיך געהאַלטען דערביי, אַז זיי זענען גאָר נישט אַנדערש ווי יודען און זייער נאַציאָנאַליטעט איז די יודישע. וויפֿיעל יודישע סטודענטען אין דיביידע אוניווערזיטעטען האַלטען זיך נאָך איצט פֿעסט ביי דעם בעשלוס און וויפֿיעל עס פֿערלייקענען זייער יודישע און טשעפּען זיך צו צו אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען ווייסען מיר נישט. לעצטענס האָבען מיר זיך איבערצייגט, אַז ליידער ניט אַלע יודישע סטודענטען האַלטען עס פֿאַר אַ כבוד צו געהערען צו דער יודישער נאַ־ציאָנאַליטעט: אין קראָקא איז געווען איין אסיפה פֿון גאַליצישע סטודענטען, וועלכע האָבען היי־יאָהר געענדיגט דאָס גימנאַזיום און טרעטען איצט איין אין אוניווערזיטעט. ביי דער אסיפה זענען אויך געווען רוטהעניש און יודישע סטודענטען. צום שלוס פֿון דער אסיפה האָט מען פֿאָרגעלעגט אָנצונעהמען אַ רע־זאָלוציאָן פֿון פֿערשיעדענע פונקטען; די רעזאָלוציאָן האָט זיך אָנגעהויבען מיט די ווערטער: "די פֿערזאַמעלטע פּוילישע יוגענד בעשליעסט א. ז. וו." די רוט־העניער האָבען געפֿאָדערט אַז מען זאָל שרייבען: "די פּוילישע און רוטהענישע יוגענד" און דערויף האָבען זיך אַלע פֿערזאַמעלטע געאייניגט, נאָר ווי עס איז אויפֿגעשטאַנען אַ יודיש־נאַציאָנאַלער סטודענט און האָט פֿערלאַנגט, אַז עס זאָל אויך בעריקזיכטיגט ווערען די יודישע נאַציאָנאַליטעט, דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אַ ויכוח אַזוי ווי איבער עפּיס אַ "נייע ערפֿינדונג" און מאַנכע יונגע "יודישע פּוי־לען" האָבען געאַרבייט מעשים, אַז מען זאָל זיי חס ושלום נישט אָבזאָגען פֿון דער "פּוילישער נאַציאָנאַליטעט". מאַנכער פֿון די אמת'ע פּוילישע יונגעלייט האָט אפילו איינגעזעהען, אַז די יודען וועלכע בעקענען זיך צו זייער אייגענער נאַ־ציאָנאַליטעט האָבען זיך נישט וואָס צו שעמען און זיי האָבען טאַקי דאָס פּולע

רעכט דערצו, נאר וואס העלפט עס אז יודען אליין ווילען נישט ?... דער סוף איז געווען, מען האט אנגענומען א רעזאלוציאן אים נאמען פון דער „פערזאמעלטער יוגענד“, אהן א שום פירוש פון נאציאנאליטעטען, און — דאס „יודישע פאלעניטהום“ איז ניצול געווארען פון א סכנה!

* * * די לעמבערגער געמיינדע האט בדעה צו גרינדען א שולע צום אויסבילדען פון רעליגיאנס לעהרער, דער גאליצישער לאנדטאג האט בעשלאסען צו געבען דער שולע אונטערשטיצונג 2000 קראנען יעהרליך. אמת, עס האט זיך געפונען אנ'אנטיסעמיטישער אבגעארדנעטער, וועלכער איז ארויסגעטרעטען געגען דער שטיצע, נאר איינער פון די „יודישע“ אבגעארדענטע האט מבטיח געווען אז אזא שולע איז אים שטאנד דורכצופיהרען די אסימילאציאן פון יודען, ווייל עס וועט געלערנט ווערען „יודישע רעליגיאן אין פוילישען גייסט“, און דער בעשלוס פון לאנדטאג איז אנגענומען געווארען.

*

**רוסלאנד. — די פעברואר אסיפה אין אדעס.** נור איצט האבען מיר ערהאלטען די געדרוקטע בעשליסע פון דער אספה פון „חובבי ציון“ וועלכע איז געווען אין אדעס דען 11־טען ביז'ן 14 פעברואר 1901.

### בעשליסע,

וועלכע מען האט אנגענומען דעם 11—14 פעברואר 1901 אויף די אסיפות אין אדעס.

A. די טהעטיגקייט פון קאמיטעט.

1) ביז דער קינפטיגע אספה כללית וועט זיך דער קאמיטעט נישט פערנעהמען מיט גרינדונג פון נייע קאלאניעס (אויסער אויב ער וועט בעקומען אויף דעם בעזונדער געלד)'

2) דער קאמיטעט דארף בעזונדערס לעגען זיינע קרעפטען אין גלייכער מאס אויף די דאזיגע 3 זאכען: 1) אויף הויבען דעם מאראלישען שטאנד אין די קאלאניעס; 2) קויפען ערד און 3) ערפארשען די תנאים פון דער קאלאניזאציאן און צוגרייטען פאר איהר די נייטהיגע מיטעל.

3) די אסיפה כללית האלט די ארבייט פון קאמיטעט צו שטיצען די אלטע קאלאניעס נישט פאר איין עיקר, נאר פאר א בייזאך.

4) דאס געלד, וועלכעס דער קאמיטעט גיט די קאלאניסטען, דארף ווערען געגעבען נור בתור הלואה.

5) דער קאמיטעט איז מחויב צו מאכען אלע הכנות, כדי צו קריגען איין ערלויבניש אויף קויפען ערד אין ארץ־ישראל און עפענען אבטהיילונגען פון דער חברה אין רוסלאנד.

6) די פראטאקאלען פון די אסיפות דארפען ווערען תיכף אונטערשריבען און במשך פון 7 טעג ווערען אריינגעשיקט אין די רעדאקציעס פון די צייטונגען צום פערעפענטליכען. *)

7) דער קאמיטעט איז מחויב צו זארגען, אז אין די צייטונגען זאלען אפטמאל ווערען געדרוקט ריכטיגע און פאלקאמענע ידיעות וועגען דעם מהלך פון ענין און לעבען פון די קאלאניסטען און ארבייטער אין ארץ־ישראל.

B. דער יפו'ער ועד־הפועל.

8) דער יפוער ועד הפועל דארף בעשטעהען פון איין פארשטעהער פון אדעסער קאמיטעט. וועלכער בעקומט שכירות, 2 יפו'ער פערטרעטער אהן שכירות און 2 פארשטעהער פון די קאלאניסטען און ארבייטער. דער ועד־הפועל איז בעפאלמעכטיגט צו טהון לויט זיין פערשטאנד מיט דעם געלד, וועלכעס איז בעשטעטיגט לויט דער סמיעטע.

C. אלגעמיינע בעשליסע.

9) די אסיפה בעשליעסט, אז איהרע החלטות איז דער קאמיטעט מחויב מקיים צו זיין.

10) די אסיפה דאנקט דעם קאמיטעט דערפאר, וואס ער האט פערעפענטליכט צו דער צייט פון אסיפה דעם ספר וועגען דער רעוויזיאן פון די קאלאניעס, און זייער בעשרייבונג.

איינריכטונג פון די קאלאניסטען און ארבייטער.

11) די אסיפה האט בעשלאסען, אז אלע חובבי ציון זענען מחויב ווייטער צו זאמלען געלד אויף דעם ארבייטער־פאנד, כדי צו פערגרעסערען איהם ווענינגסטענס ביז דער סומע פון 200,000 פראנק.

די יפו'ער שולען.

(בעשליסע וועלכע זענען אנגענומען געווארען אויף דער בעראטונג פון קאמיטעט מיט אייניגע דעלעגאטען).

1) פון אנפאנג פון קומענדיגען לערנ־יאהר דארפען די יפו'ער שולען ווערען ארויסגענומען פון אונטער דעם רשות פון דער חברה „כל ישראל חברים“.

2) די השגחה אויפ'ן סדר הלמוד אין די שולען און דאס זוכען מיטלען און אויסגעבען געלד ווערט ארויפגעלעגט אויף א בעזונדערע קאמיסיאן, וועלכע איז געווארען אויסגעקלויבען פון 7 אדעסער און 5 פרעמדע מיטגליעדער.

---

*) דער קאמיטעט רעכענט זיך ליידער ניט מיט דער דאזיגער גערעכטער פאדערונג פון דער אספה כללית און דרוקט די פראטאקאלען מיט א האלב יאהר שפעטער. א שענע ווירטשאפט! אנמערקונג דער רעדאקציאן.

3) דער אדעסער קאמיטעט אסיגנירט אויף די אויסהאלטונג פון די שולען דיזעלבע סומע ווי אין די פאריגע יאהרען.

— ביז אהער זענען יודען, וועלכע האבען געענדיגט פראגימנאזיען און רעאלשולען פון 4 און 6 קלאסען און איינגעטרעטען אין די העכערע קלאסען פון גימנאזיום און רעאל שולע, נישט אונטערגעפאלען דער בעגרענצונג פון די פראצענטען, ווייל עס האט זיך גערעכענט אז זיי געהען איבער פון איין קלאס אין אנדערען, דורך דעם איז אויפגעקומען אז אין די לעצטע קלאסען פון גימנאזיום און רעאלשולע זענען געווען יודישע שילער מעהר ווי נאך דעם פראצענט נאך, דער מיניסטער פון פאלקסבילדונג גענעראל וואננאווסקי האט דערום געהייסען אכטונג געבען, אז מען זאל אין די לעצטע קלאסען גימנאזיום און רעאלשולע נישט אריינגעהמען יודישע שילער איבער דער נארמע.

-- אין ניקאלאיעוו האט א מלמד געגעבען א יונגעל א פאטש, וועלכער האט איהם גערירהרט דעם מוח, אויף דעם פנים פון יונגיל האט מען דערקענט די 5 פונגער פון מלמד. דער יונגיל איז געשטארבען אבליגענדיג א פאר טאג.

— אין ווארשא איז געגרינדעט געווארען מיט ערלויבניש פון דער רעגירונג א חברה צו שטיצען ארימע יודען. אין דער פערוואלטונג פון דער חברה זענען אויסגעקליבען געווארען ה"ה ברווידא, גרוימאן, וואגמייסטער, אולריך, ביאלער און ראזענבוים. דער צוועק פון דער חברה בעשטעהט אין 1) שטיצען ארימע לייט מיט עסען, קליידונג, דירה און אמאל אויך מיט געלד; 2) העלפען יעדען, וועלכער זוכט צו פערדיענען דורך שאפען ארבייט אדער א שטעלונג, קויפען בעלי מלאכות כלים און מאטעריאל צו דער מלאכה און ערלייכטערען דאס פערקויפען פון די אויסגעארבייטע ארטיקלען. 3) העלפען קראנקע מיט דאקטוירים און רעצעפטען אדער אריינגעבען אין שפיטאל אויף היילונג. 4) אריינגעבען אלטע לייט און יתומים אין באגאדיעלניעס, בתי יתומים א. ז. וו. 5) העלפען פרעמדע, וועלכע קענען נישט בלייבען אין ווארשא מיט געלד אוף הוצאות אהיים. כדי צו דערגרייכען די ציעלען וועט די חברה האבען דאס רעכט איינצוריכטען ביליגע קיכען, שפיטעלער א. ז. וו.

*

**אמעריקא. — די אסיפה פון די אמעריקאנישע ציוניסטען.** דעם 16 יוני איז געווען אין פילאדעלפיא די פיערטע אסיפה כללית פון דער אמעריקאנישער ציוניסטישער פערבינדונג. אויף דער אספה זענען געקומען 12 דעלעגאטען. פרעזעס אויף דער אספה איז געווען פראפעסאר ריכארד גאטהייל. פון דעם בעריכט, וועלכען דער סעקרעטאר מאריסאן האט פארגעלייענט, זעהט מען, אז במשך פון פאריגען יאהר האט זיך דער ציוניזם פיעל פערשטארקט אין אמעריקא אזוי אז די פערבינדונג (פעדעראציאן) איז איצט די פערטרעטערין פון 151 ציוניסטישע פעריינען. אין 1899 יאהר זענען געווארען געזאמעלט 1500 שקלים, אין 1900—3800 שקלים און היי־יאהר שוין בערך 7000 שקלים, און עס איז צו האפען, אז די צאהל פון די שקלים וועט דערגרייכען 10,000. אין דעם פערגאנגענעם יאהר זענען געגרינדעט געווארען 34 נייע פעריינען, כדי צו פערברייטען דעם ציוניזם צווישען פאלק אין אלע שטאטען, האט די פעדעראציאן בעשלאסען צו גרינדען 2 ראיאנס־פערבינדונגען אין טשיקאגא און אין נאך א שטאדט און אויך צוצוטרעטען צום גרינדען פון אספעציעלע ציוניסטישע צייטונג.

דער רעפערענט פון דעם ליטעראטור־קאמיטעט מ. קליין האט פארגעלעגט פערשיעדענע פראיעקטען, ווי צו פערברייטען די העברעאישע ליטעראטור און ווי צו ווירקען אויף די ערציהונג, אז זי זאל ווערען געפיהרט אין נאציאנאלען גייסט.

די אספה האט בעשלאסען, אז ווייטער זאל צו דער צייט פון יעדער יאהרעס פערזאמלונג ווערען געמאכט איין אויסשטעלונג פון ארץ ישראל פראדוקטען און צו בעשטימען א בעזונדערע קאמיסיע, וועלכע זאל בעקלערען די מיטלען ווי אבצוזעצען די אקציעס פון דער יודישער קאלאניאל־באנק, און צו גרינדען אומעטום קלובען צום פערקויף פון אקציעס.

דער פרעזעס פון רעזאלוציאנסקאמיטעט האט פארגעלעגט די פאלגענדע פונקטען, וועלכע זענען געווארען אלע אנגענומען: 1) אז אלע פעריינען זאלען לערנען די העברעאישע שפראך און די יודישע געשיכטע. 2) אז ציוניסטען זאלען בענוצען אתרוגים נאר אוים ארץ ישראל. 3) אז עס זאלען ווערען געשיקט דרשנים אין אלע שטעדט, כדי צו אגיטירען פאר דעם ציוניזם און אז די הויפטארבייט פון די ציוניסטען זאל זיין צו מאכען א גרויסע אגיטאציע פאר די קאלאניאל באנק.

די אסיפה האט בעשלאסען צו גרינדען א מאנאטליכען ציוניסטישען זשורנאל אין ענגליש און אין זשארגאן.

די קומענדיגע יאהרעס אסיפה וועט זיין אין באסטאן.

---

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

**פראנקרייך. — דער טעלעפאן.** דער מיניסטער פון פאסט און טעלעגראף אין פראנקרייך ה' מוזא וויל פערברייטען דעם טעלעפאן אין גאנץ פראנקרייך, נאר ווייל די ממשלה וויל נישט אריינלעגען אין דעם קיין סך קאסטען, דערום האט ער זיך געווענדעט מיט איין אנפראגע צו אלע שטעדט און דערפליך פון גאנצען לאנד אויב זיי ווילען איינפיהרען ביי זיך א טעלעפאן און נעהמען אויף זיך אלע הוצאות אדער ווענינגסטענס א טהייל פון זיי, כמעט אלע שטעדטליך אויסער אין 3—4 דעפארטעמענטען (גובערניעס), וועלכע האבען

בכלל פינד נייעסען, האבען מסכים געוועזען צו נעהמען אויף זיך די הוצאות און עס איז דערום צו האפען, אז גאנץ קורצליך וועט דער טעלעפאן ווערען אזוי פערברייטעט אין לאנד ווי דער טעלעגראף.

ווי עס איז בעקאנט עקזיסטירט דער טעלעפאן נישט מעהר ווי 25 יאהר, דען צום ערשטען האט מען איהם אויף דער אויסשטעלונג אין פילאדעלפיא אין 1876 יאהר. געשווינד האט די סוחרשע וועלט איהם גענומען אין האנד און איהם פערברייטעט איבער דער גאנצער וועלט. דער טעלעפאן איז פיעל פערברייטעט דערהויפט אין דער שווייץ, שוועדען נארוועגען און אין דייטשלאנד.

**חינא.** — די צייט פון מיטעלאלטער מיט איהרע יעזואיטען און זייערע שענע מיטלען וועלכע ווערען געהייליגט פון צוועק, האט זיך איבערטראגען ווייט, ווייט קיין חינא. דארט גילטען נאך זייערע הייליגע חברות און הייליגע מעשים. אין חינא עקזיסטירט א חברה פון מיסיאנערען מיט דעם נאמען „דאס ווערק פון הייליגען פראנקרייך" וואס איהר צוועק איז צו גנבנען יונגע קינדער ביי די חינעזער און צו ערציעהען זיי אין קאטוילישען גלויבען. ווי גרויס דער עסק ווערט געפיהרט און צו וואס ער ברענגט, זעהט מען ארויס אויס די בעריכטען פון דער חברה, „אין קינדער-פריוט אין פעקין זענען אויפגענומען געווארען 873 קליינע קינדער, פיר וועלכע מען האט בעצאהלט צו 45 סאנטים פאר יעדעס, נאר פון זיי זענען אויסגעשטארבען 843, נאכדעם ווי זיי זענען געטויפט געווארען, „א זייגענדיג קינד קאסט אונז 5 פראנק מאנאטליך" נאר אויב זיי איז בעשערט צו לעבען וועלען מיר זיי מוזען שפייזען. און נאך אזא מין אנשטאלט איז מודיע, אז פון 12000 קינדער, וועלכע זענען איהר איבערגעבען געווארען צו ערציהען אין קאטוילישען גלויבען, זענען געבליעבען לעבען נישט מעהר ווי 125. אזעלכע מעשים געשעהען יעדען טאג אין חינא שוין פון מעהר אלס א יאהרהונדערט. איז שוין א וואונדער אצונד, אז די חינעזער האבען נישט שטארק ליעב די אייראפעער?

---

## אַ נַייעֶ אֵיכָה.

עֶס זִינְגְט דֶער אִיד
זַיין „אֵיכָה" לִיעד,
מִיט אֵימֶער נַייעֶ טְרֶעהְרֶען:
„מַיין לַאנְד אִיז וְויסְט,
מַיין שֵׁם פֶערְמִיאוּסְט,
וְואוּהִין זָאל אִיךְ מִיךְ קֶערֶען?

מַיין וָוארְט אִיז לֶער,
עֶס גִילְט נִישְׁט מֶעהְר;
מַיין חֲקִירָה אִיז אַ טוּטְעֶ —
אִיךְ שְׁלֶעפּ זִיךְ אוּם,
אַ פֶעלְקֶער־מוּם,
אַ'נ'אָבְּגֶעלֶעבְּטֶער שׁוֹטֶה.

אִיךְ זִיץ אִין נאַכְט,
אוּן וֵויין אוּן טְרַאכְט,
אוּן רוּף נוּר אָן דֶעם אֵיינֶעם,
דָאךְ שְׁטִיל אַרוּם,
דֶער הִימֶעל—שְׁטוּם—
אִיךְ הֶער קֵיין טְרַייסְט פוּן קֵיינֶעם.

עֶס טְהוּט אַ שַׁיין!
אָ, פָאטֶער מַיין,
דִיךְ מוּז מַיין צַער עֶרְוֶועקֶען!
דָאךְ, עֶס, אַוואוּ!
דָאס בְּלִיצְט נוּר, צוּ
פֶערְגְרֶעסֶערֶען דִי שְׁרֶעקֶען.

אוּן וָואס אַ וָואךְ
וַואקְסְט צוּ מַיין בְּרָאךְ,
אוּן מַאכְט פוּן מִיר אַ לֵייכֶע,
אוּן וָואס אַ טָאג,
אַ נֵייעֶר קְלָאג,
קוּמְט צוּ אַ נַייעֶ אֵיכָה.

מאָררים ראָזענפעלד.

---

## מיין קינה'לע.

א „קינה'לע" האב איך, רבותי; נאר מיינט איהר אפשר—גלאט א קינה'לע, א „בערדיטשעווער קינה'לע" וואס איז געדרוקט אין „ווילנא"? חלילה, מיין קינה'לע איז א מיוחסת, א ירושה־קינה'לע: כ'האב עס בירושה פון זיידען, און ער האט עס גע'ירשט פון זיין זיידען, און יענער—פון זיין זיידען . . .

און פון זיידען צום זיידען האט דאס קינה'לע א יחוס בריעף ביז צו ירמיהו הכהן, דעם נביא פון ענתות.

א מוכר־ספרים'ניק האט עס א מאל געזעהען ביי מיר, האט ער געוואלט שטעכען מיט מיר; ער האט מיר געוואלט אוועקגעבען א „מעשה ביכיל פון באנדיטען" מיט א „מגלת אסתר" אויף מאָדנע פאר־מעט געשריבען, ער האט מיר נאך צוגעגעבען א לוח „רייסין" מיט א „ביינדיל", וואס איז א סגולה צו הונדערט זיבען און צוואנציג קראנק־הייטען.

איך האב זיך שיער ניט געביטען: דאס ביינדיל האט מיך שטארק גענומען, ווייל איך לייד, לא־עליכם, אויף עטליכע און צוואנציג קראנקהייטען — נאר אז כ'האב א קוק געטהון אויף דאס קינה'לע, האט מיר א זעץ געטהון אין הארצען: ס'טייטש, דעם זיידענס קינה'לע! דא האט ירמיהו די ערשטע טרעהר אויף חורבן בית המקדש געלאזט!. איך האב דאס קינה'לע ניט אוועקגעגעבען.

און אלע יאהר, אז ס'קומט ראש־חדש אב, טהוט עס מיך א ציה, א קלעם ווי מיט — צוואנגען, און איך ווארף זיך צו מיין קינה'לע, און איך נעם זיך בלעטערן און בלעטער עס — ניט אהן גדלות.

איך, איך פערמאג א קינה'לע, וואס איז שוין צוויי טויזענד יאהר אלט . . . צוויי טויזענד מאל האט מען געוויינט דעריבער!. און ווער ס'האט געוויינט! פון ירמיהו הכהן ביז מיר.

און אז איך הויב עס אן בלעטערן, פיהלט זיך דערפון אזא מין געשמאק אלטקייט, אזא מין געשמאקער שימעל . . . ער צוגעהט זיך ממש אין יעדען אבר . . .

און יעדעס בלעטיל איז אויסגעפלעקט פון טרעהרען . . . און די טרעהרען־פלעקען — חאטש אלע איין קויטיגקייט, דאך, דאכט זיך, איך אונטערשייד זיי אויפ'ן ריח . . . איך דערקאן יעדע טרעהר בעזונדער . . .

אוי, טרעהרען! יודישער כח! . . . טרעהרען זאל נאך א יוד ניט דערקאנען? . . .

א מאל אים תשעה־באב ביי די קינות . . . . .

אפיקורסים! לעגט אריין וואטע אין די אויערען! ניט אייך דערצעהל איך עס: איהר — גלויבט דאך ניט אין גאר ניט; מיר וועט איהר אודאי ניט גלויבען . . .

אין יענעם אוונד האט זיך אין מיר צוברענט א תאוה צו וויסען, ווער ס'האט דא יעדע טרעהר אויף וואס פאר א צרה געלאזט. עס וואלט שטארק אינטערעסאנט זיין . . . ווי א גוטער אינטערעסאנטער ראמאן . . . א קלייניגקייט! א ראמאן פון צוויי טויזענד יאהר! פון אזוי פיעל העלדען! . . . פון אזוי פיעל אונגליקען . . .

און אז איך האב זיך אריינגעלאזט מיט מיינע מחשבות אין דער זאך, האט מיך עפּיס ווי א ריהר געטהון ביים הארץ, און איך האב געלאזט א טרעהר.

טיעפער, אפיקורסים, טיעפער די וואטע אין די אויער־ען: אט דא הויבט זיך עס אן!

מיין טרערה איז געפאַלען אויף אַ בלעטיל פון מיין קינה'לע...

און די בלעטליך האָבען זיך אָנגעהויבען ריהרען... די פערשימעלטע פלעקען האָבען אָנגעהויבען זיעדען, קאָכען און קאלאקאטשען...

ווי אַ הייטיל האָט מיר איבערגעצויגען איבער די אויגען, און, רִבּוֹנוֹ־שֶׁל־עוֹלָם וואָס זעה איך! עס שטעהען אויף פון די פלעקען בילדער... ניט קיין בילדער — מענשען אין זייער גאַנצער הייך!...

און איך דערקאָן פיעל פון זיי... אָט דאָס איז מיין זיידע ירמיהו מיט אַ שפּיציגען קאָפּ מיט גרויסע, נאר אויסגעוויינטע צווי אויגען...

אָט איז עֶזְרָא הכהן מיט אַ ברייטען שטערן מיט קליינע, לעבענדיגע אייגליך, מיט פינגער פערשמירט אין טינט...

אָט איז מָרְדְכַי בִּלְשָׁן מיט גאָלדענע עפּילעטען... פון אונטער דעם שענעם מונדיר שטעקט אַרוים אַ עק פון אַ זאַק... ער וויינט בִּגְנֵבָה אין אַ זיידען טיכיל אַריין...

אָט איז ר' עקיבא מיט אַ צוריסענע פאָהן אין די הענד...

אָט שטעהט דער אַלטער ר' יהודה הלוי און ווייזט מיט דער רעכטער האַנד: „אַהין קיין ארץ ישראל!"

אָט איז דער אברבנאל מיט אַ זאַק איינגעהילט, און פון אונטער'ן זאַק שטעקען אַרוים עפּילעטען...

און נאָך פיעל אַנדערע בילדער, וועלכע איך האָב ניט דערקאָנט...

און אַלע וויינען, זיפצען און קרעכצען אַזוי, אַז ס'האָט מיר דאָס האַרץ אויפגעריסען.

„זענט מיר מוחל, זיידעניו, בין איך אויף די קינה נעפאַלען און האָב מיט טרערען געבעטען, זענט מיר אַלע גוטע פרומע לייט מוחל, וואָס איך האָב אייך אונגערן צום לעבען און צום וויינען אַרויסגערופען!... צו וועניג דען האָט איהר זיך אָנגעוויינט ביים לעבען?"...

דער נָבִיא האט אויף מיר אויפגעהויבען זיינע אויסגעוויינטע, נאר גוטע אויגען:

„ניין, זאָגט ער, מיין קינד! ניט דו האָסט אונז אַרויסגערופען, די טרערען זיעדען אַזוי תמיד, זיי קאָנען קיינמאָל ניט אויסטרוקענען וייל ס'האָט מיט זיי אָבגערונען אַ שטיק נשמה, וועלכעס לעבט אין זיי... נאר ניט איטליכער זעהט זיי; עס קאָן זיי נור דער זעהען, וואס לאזט אַמאל איין אמת'ע טרערה... אָט האָסטו אַצונד איין אמת'ע טרערה געלאָזט, זעהסטו אונז".

ער האט די ווערטער מיר געזאָגט מיט אַזאַ ווייך קול, ממש מיט'ן נוסח פון „הֲבֵן יַקִּיר לִי אֶפְרַיִם"... איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אַז דער בייזער נביא קאָן אַזוי ווייך רעדען; און דעריבער בין איך מונטער געוואָרען און האָב זיך צוגעטשעפּעט צו איהם.

—„זיידעניו, טייערער, זאָגט־זשע מיר: וואס הייסט דאָס? פון אַזוי פיעל טרערען, וואָס איך זעה דאָ, האָט זיך גאָט'ס כוס נאָך ניט אנגעפולט? ער דאַרף שוין דאַכט זיך איבערגעהן, אויב ער האָט נור אַ גרונד, אויב ער רינט נור ניט!...

—חלילה, זאָגט דער נביא, יודישע טרערען רינען ניט אויס. נאר זיי קאָנען זיך ניט צונויפגיעסען, אויסמישען.

פאַר וואָס, זיידעניו? ס'דאָך אַלץ יודישע טרערען, ניט חלילה טרערען פון פרייד?...

— זיי וויינען אָבער ניט אַלץ איינס: אָט הער דיך נור צו. איך הער זיך איין.

— „גאָט, קעהר אונז צוריק אין אונזער לאַנד!"

— „גאָט, גיב אונז חן ביי די פעלקער אין די אויגען!"

—„רבש"ע, זיי אונז מַצִּיל פון עֲזוּת, און בויג איין אונזער יֵצֶר צום דיענען"...

—„מָרָן דִי בִשְׁמַיָא, מאַך אונז קלענער פון די פינטעליך, די רשעים זאָלען אונז ניט דערזעהען!"...

„רִבּוֹנוֹ דְעָלְמָא כּוּלָא, מאַך די אומות העולם גוט און פרום, מיר זאָלען זיי ניט הארען".

—„רִבּוֹן הָעוֹלָמִים, זיי אונז מציל פון דער גזירה פון די שמוציגע, שפּאַטיגע שטריימלען!"

—„גאָטיניו, היט אָב און בעשיץ מיט דיין רעכטער האַנד אונזערע שטריימלען, מע זאָל זיי חַס־וְשָׁלוֹם פון אונז ניט אַראָברייסען":

—„גאָטיניו, היט אונז אָב פון די שקאָלעס!"

—„רבש"ע, עפען אויף פאַר אונזערע קינדער די טויערען פון די שקאָלעס!"

מיר האָט זיך אויסגעוויזען אַז איך הער אַזאַ תפלה פון איין מענשען אין איין צייט, און ס'האָט מיך געשטיקט צום לאַכען. כ'האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען.. כ'האָב זיך צולאַכט.

דעמאָלס האָב איך דערקאָנט אין מיין אַלטען זיידען דעם בייזען ירמיהו: „פון יודישע טרערען לאַכסטו", האָט ער אויף מיר אַ געשריי געטהון מיט'ן נוסח פון „שְׁפוֹךְ עֲלֵיהֶם זַעֲמֶךָ".. זיינע ליפּען האָבען קאָנוואַלסיש געציטערט, די פינגער האָבען זיך צונויפגעלעגט אין פויסטען, און מיט די אויגען האָט ער מיך געשרפ'ט.

— נור, היילינגער נביא, האָב איך אָנגעהויבען צו היקען, ס'האָט דאָך גאָר קיין געדאַנק...

— אט דערפאַר טאקי, ענטפערט ער שוין אַ ביסיל ווייכער, פולט זיך דער כוס ניט אן: די טרערען גיסט מען דערווייל בעזונדער... נאָר ניט לאַכען — וויינען דאַרף מען דערויף! מע דאַרף זיך אויסבעטען אין די אויגען קוואַלען טרערען, און וויינען און וויינען אָהן אויפהער!

פונ'ם נביא'ס אויגען האָבען זיך אַרויסגעקייקעלט צוויי שווערע טרערען, זיי האָבען איבערגעהיפּערט די טיפע קאַרטשען פונ'ם אַלטען פּנים, און זענען אַריינגעפאַלען צווישען יענע טרערען.. ס'איז באַלד געוואָרען אַ זידעניש, אַ קאָכעניש, און ס'איז אַרויס פון אַלע קולות איין הויכער, הערץ־רייסענדער קרעכץ. איך האָב גערעכענט, אַז דעם קרעכץ וועט שוין דער הימעל ניט אויסהאַלטען...

— זעהסטו, זאָגט ער מיר נאָכדעם, ווי ס'איז ווידער שטיל געוואָרען: אַ נביא'ס אַ טרערה קען פאָרט פערקאָכען פערשיעדענע טרערען, נאָר....

— וואָס—נאָר?—פרעג איך איהם מיט אונגעדולד.

—טהו נור אַ קוק אַהער!

איך זעה דאָרט אַ פלעק פון אַ טרערה, וועלכער ריהרט זיך ניט.

„דאָס איז „אַלוּף חֶלְדַּיִי'ס *) אַ טרערה—האָט דער נביא אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און זיפצענדיג דערצעהלט: נאָך דעם גרויסען אומגליק, וועלכעס איך קען פאַר הארצוועהטיג ניט אַנרופען ביי'ם נאָמען — ווען מיין פאָלק איז שוין פערטריבען געוואָרען קיין בבל, איז מיט זיי מיטגענאָנגען מיין חלדי" — אָבריכטען גלות, און איז דערווייל געוואָרען דאָרט „הויך־בירגער און גוטע מסחרים פערפיהרט;

*) יודישער גביר פון די גולי בבל (זכריהו).

און אז איך האב אנגעהויבען דרש'נען: „שׂרות בְּכֶסֶף יִקְנוּ", ס'הייסט: יודען זאלען קויפען ערד אין ארץ ישראל און מאַכען קאלאניעס — און קיין געלד צו קויפען האבען יודען ניט געהאט — האט ער זיך ארויסגערופען מיט א גרויסע סומע געלד, אבגעקויפט ערד, בעזעצט ארבייטער און אראבגעשיקט אהין איין „אדמיניסטראציאן", וואס איז בעשטאַנען אויס יודען, נאר אזעלכע יודען, גלות־יודען, וואס האבען געוואוינט אין גלות נאך איידער דער גלות האט זיך אנגעהויבען... זיי האבען שוין קיין יודיש ניט פערשטאַנען, גערעדט בבליש, פערסיש אפילו יְוָנִיש, נאר ניט קיין „יודיש". זיי האבען זיך אין אנהויב ניט געקאנט אויסשמועסען, פלעגען זיי רעדען אויפ'ן ווינק: א שטופ, א זעץ, א סטיסק, א דרעה ביים אויער: „געה הייסט עס, ארבייטען, טהו דאס, טהו יענס!" די ארבייטער־קאלאניסטען האבען עס אנגענומען בְּאַהֲבָה... פערקעהרט, פלעגען זיי בעדויערן: „נעביך, שטומע בהמות! וואס דען קענען זיי טהון, איז ניט אזוי אויפ'ן ווינק רעדען?" נאר אז שפעטער מיט א קליינער צייט, האבען זיך די קאלאניסטען צוגעלערנט אביסיל בבליש (יענע—קיין יודיש האבען שוין ביז'ן טויט אריין ניט געקאנט זיך אויסלערנען) זענען זיי פלוצלינג געוואהר געווארען, ווי ווייט זיי האבען זיך — ביידע צדדים גענארט: די קאלאניסטען האבען זיך גע־עכענט פאר בעלי בתים, ערדבעזיצער, וועלכע זענען שולדיג דער אדמיניסטראציאן געלד מיט א דאנק; די אדמיניסטראציאן האט געמיינט, זי איז שולדיג די קאלאניסטען פאר וייער ארבייט, נאר אויף איינמאל האט דער אדמיניסטראטאר שבת ביי טאג נאכ'ן שלאף געשיקט א קאלאניסט בריינגען א פרישע קאן וואסער פון חוץ לתחום (די קאלאניסטען האבען שוין דעמאלט מקפיד געווען אויף תחום שבת און אויף טראגען אהן א ערוב); אויפ'ן אנדערן טאג האט ער ארעסטירט איין קאלאניסט פונ'ם פעלד אראב, ווייל ער האט זיך ערלויבט אליין אהן זיין וויסען צו פערריכטען זיין צובראכענעם וואגען...

ס'איז געווארען א בונד צווישען די קאלאניסטען, און זיי האבען מיך אויסגעקליבען צו פאהרען קיין בבל צום „אלוף־חלדי"... און אויסארבייטען, די קאלאניסטען זאלען מאכען איין ארמיניסטראציאן פון זייערע... ווי אלט צובראכען און פערחושכ'ט איך בין שוין געווען, האב איך געמוזט פאהרען, און בין אנגעקומען ערב תשעה באב אויף דער נאכט. אין קלויז האט אלוף „חלדי" געזאגט מיט מיר אין איינעם קינות אין מיין קינה'לע, איך האב איהם דעמאלט געזאגט דעם צוועק פון מיין קומען.

—וואס—?! האט ער זיך א חאפ געטהון—: מיר קאסט אזוי פיעל בלוט... איך זאל געבען געלד, און יענע פוילע מיוחסים זאלען גאר זיין בעלי בתים?!

ער האט געלאזט א טרעהר דערביי... אט איז זי די טרעהר... זי איז געווען ערענסט... ס'האט איהם שטארק וועה געטהון... די טרעהר טריקענט ניט. נאר וואו ערגיץ א טרעהר פון איין עושר, קענען שוין דעם נביאים טרעהרען ניט איבערקאכען".

איך האב זיך דערמאנט אין אונזערע גבירים און אין זייערע חֲסָדים, קיין בייז אויג, און ס'האט מיך שטארק פערדראסען אויף דעם... דעם בטלן, דעם... דעם נביא. „וואס הייסט דאס? בייזער איך מיך כמעט, וואס בעליידיגט איהר אזוי גבירים, יודישע גבירים? אהן גבירים קען מען דען עפּיס טהון? אט וויל אונזער דור אויך עפּיס מאכען קאלאניעס. אויך אין ארץ ישראל.. נו, אהן גבירים קענען מיר דען עפּיס מאכען? „גבירים הייסט דאך „געלד" און אויף „געלד", זיידעניו, שטעהט די וועלט! ארימע לייט קענען גאר ניט מאכען".

דאס ערשטע מאל אין דער צייט האב איך געזעהן דעם נביא לאכען, נאר ער האט אזא לאך געטהון, אז ס'האט מיך געשטאכען! גלאט הוזק געמאכט, אויסגעלאכט — און שוין.

—זאג נור, מיין קינד, פרעגט ער פלוצלינג: וויפיעל יודען רעכענען זיך היינט ביי אייך — צווישען די לעבענדיגע, הייסט עס.

— בערך צעהן מיליאן—ענפער איך טרויריג.

—כֵּן יִרְבּוּ, זאגט דער נביא, און פערגלאצט די אויגען, זאג־זשע, מיין קינד! וויפיעל וואלט אויסמאכען, ווען יעדער יוד זאל געבען א שקל א יאהר? און בערעכען נור, איך בין ניט קיין בעל חֶשְׁבּוֹן וויפיעל קען דאס אויסמאכען א יובל? צוויי יובלות?

איך הויב אן רעכנען אויף אונזער געלד פינף מיליאן רובל — א יאהר, פופציג מיליאן — צעהן יאהר... איך רעכען ווייטער און געה אריין אין די הונדערטער מיליאנען...

— נו, וואס זאגסטו, מאכט צו מיר דער נביא. וואלט איהר שוין עפּיס געקענט טהון אהן גבירים?

איך האב אנגעהויבען צוצורעכנען רעסטען פון טאקסע געלד פון יעדען שטעדטיל, רעסט פון די שיסלען אין די קלויזען... ארץ־ישראל געלד... מאיר בעל נס געלד... איבעריגע ספר תורה'ס וואס נוצען נור איינמאל אין יאהר שמחת תורה צום טאנצען... אתרוג געלד... חנוכה געלד... נוטע־יודען־געלד... קארטען־געלד להבדיל — און איך האב זיך מחיה געווען, וואס דער נביא ווייסט ניט פון זיי.

— געלד איז א דַּאֲגָה? האט זיך דער נביא צופייערט: מענשען איז א דאגה, מענשען — ניט קיין גבירים! מענשען איז פאראן ביי אייך? ערנסטע מענשען?

— וואס דען? זאג איך: מענשען איז א דאגה? ס'איז דא קיין בייז אויג!

— איז דא צווישען אייך אהדות? האבען זיי זיך ליעב?

— וואס הייסט—אחדות! בין איך זיך נוקם אינים נביא פאר מיינע בעליידיגטע גבירים, און נאר איהם אב — וואס הייסט ליעב האבען! אלע יודען לעבען ווי איין משפחה! וואו איהר זעהט ערגיץ צוויי יודען אין איינעם—זארגען זיי מן הסתם פאר א דריטען; טהוט עמיצער א קרעכץ—פלייסט זיך דער צווייטער צו לאכען איהם אין די אויגען, כדי איהם פרעהליך צו מאכען... א נו, לאז ערגיץ, ניט דא געדאכט ברענען—צי וועלען אלע יודען ניט שרייען אין איין קול: געוואלד ראטעוועט!" מע שלאפט ניט דורך די נעכט צוליעב יענעם: איינער בערעכענט שטענדיג דעם צווייטען... ניין, יודען לעבען זיך היינט גאר ניט ווי מענשען לעבען!

— נו, און דער מוסר ווי איז?

— מוסר! — אנו צי איז דא ביי אונז חאטש איין זולל וסובא?

— נו און אין הכמה ווי זיינען זיי?

— נישטא ביי אונז קיין נאר, קיין עם הארץ!

דער נביא האט אויף מיר אויסגעשטעלט א פאר אויגען, ער האט מיר, ווייזט אויס, געוואלט ארייגקוקען אין הארץ אריין, אויב איך נאר איהם ניט אב... נאר איך האב זיך פערמאכט, גלייך געקוקט איהם אין די אויגען, ווי איינער רעדט: „חאטש שיעס מיך דא! א דאס, וואס כ'האב געזאגט, וועל איך ווייטער זאגען".

— וואס־זשע ווארט איהר אויף גבירים? האט דער נביא מיט הארץ געשריען. דער עיקר איז א מענש מיט הארץ, און ווי וועניג ער גיט, האט עס די ברכה, זאגט ער דיר גיט קיין דעה! ער קויפט ביי דיר גאר ניט — ניט קיין כבוד ניט דיין דעה! אט קוק אן א בעריל, ער איז פול מיט קערענדליך און איז פארט א אונניצליכע שטעכעדיגע דארענפרוכט... א מאנדעל האט נור איין יאדרע, — און ס'איז טאקי א מאנדעל. א גביר אהן הארץ איז נור א „בעריל", ווארפט זיי ארויס פון אייערע חברות...

אט דאס איז א פנים דער יודישער מנהג, טראכט איך זיך, צו ווארפען זיך בעריליך איינער דעם צווייטען אים תשעה באב...

פלוצלינג פיהל איך א קויל אין מיין שטערן אריין... איך האב זיך א ווארף געטהון... דאס האט מיר דעם גביר'ס נייער איידעם פונ'ם מזרח א בעריל געווארפען און אזוי קונציג געטראפען...

„אין דיין טאטענס טאטען", פאל איך איהם אן, דו, דו, בער! דו... דו גביר!.."

עס האט אויף מיר אנגעהויבען רעגנען פון אלע זייטען מיט בעריליך און אז ס'האט שוין ניט געקלעקט קיין בעריליך, האט מען אנגעהויבען יוצא זיין מיט די לעהמליך, וואס איז געבליבען פון ל"ג בעומר... איך האב אבגעטרעטען.

און, ליגענדיג אין דער היים און קרעכצענדיג אויף מיינע בעריליך — וואס האבען זיך מיר שווער געלעגט אויף מיינע פלייצעס — האט זיך מיר געדאכט, איך זעה דעם בייזען נביא פון גאנץ ווייט... און ער לאכט פון מיר מיט זיין שניידענדיגען שטעכענדיגען לאכען.

יהודה שטיינבערג.

---

# די ערוואכונג.

פון

**דוד פינסקי.**

לייבקע איז געוועזען א גוטער גמרא־יונגיל און האט דאס לעבען ניט געקענט. מיט זיעבצעהן יאהר איז ער געוועזען א פרעמדער אין דער וועלט, ווייל זיין לעבען און זיין וועלט זענען געוועזען אין די דיקע טאווּלען פון דער גמרא. זיין נשמה האט ארומגעשוועבט אין דער אלטער גרויער פערגאנגענהייט, זיין אויער איז געוועזען צוגעוויינט צו די פערקלונגענע רייד, זיין הארץ האט געשלאגען מיט דעם פולס פון די אלטע חכמים. זיין געשפרעך איז געוועזען דאס, וואס ער האט געלערנט. ער האט געקענט אויפגערעגט ווערען נור פון א שארפען חידוש אין דער גמרא. ער האט געהאט שארפזין און געהאט פאנטאזיע. אבער זיין שארפזין איז געוועזען אנגעווענדט אויף ארויסצוגעפינען הארבע קשיות, און זיין פאנטאזיע האט געשפאונגען און געוועבט נאך דעם פאדען פון די אלטע אגדתות.

ווען ער פלעגט מיד ווערען פון דעם אייביגען פלפול, מיט די הארבע קשיות און פערטיפענים, און זיין נשמה פלעגט לעכצען נאך רוה, נאך א וויענגליעד, פלעגט ער דאמאלס אריינקוקען אין איין עין יעקב אדער אין א מדרש. מיט איין אנדער ניגון, מיט איין אנדער שטימע. דאמאלס האט זיין נשמה געבענקט נאך דער אלטער פערגאנגענהייט און נאך דער גרויסער צוקונפט; דאמאלס האט זי געביינט נאך וואונדער און נאך שענקייט.

און דאמאלס פלעגט זיך טרעפען, אז ער פלעגט זיך אוועקלעגען אויף דער סאפא אדער אנשפארען זיך מיט א זייט אן ווענטיל און בייסען די נעגעל פון איין האנד און מיט דער אנדערער האלטען זיך פעסט פאר א לאץ פון זיין ראק און קוקען אין די אונבעגרענעצטע ווייטקייט. דאמאלס האט ער געזעהען זעהונגען. בילדער פון א רייכער אבער ביינקענדיגער נשמה פלעגען ארויסשווימען פאר איהם, פערגאנגענהייטס־בילדער, צוקונפטס־בילדער, טרוים בילדער.

ער פלעגט זיך זעהען נאך נישט א געבארענעם. דארטען אין הימעל, אין גן־עדן זיצט זיין נשמה — זי זעהט אפילו אויס, ווי ער זעהט איצט אויס, אבער דאס איז נישט ער, נאר זיין נאך נישט געבארענע נשמה — און זי לערנט תורה מיט גאט. ביי א גרויסען, גרויסען טיש, א בעזעצטען מיט די גרעסטע און נעטליכסטע נשמות, די גרעסטע תנאים און אמוראים און גאונים, מיט גאט אין אויבען־אן, מיט משה'ן פון זיין רעכטער זייט און מיט דעם מלאך סנדלפון הינטער איהם, זיצען אלע און לערנען תורה, און זיין נשמה איז צווישען זיי. און זיין נשמה צייכענט זיך אויס אין לערנען, אין זי בריינגט ארויס אזעלכע חידושים פון וועלכע אלע ווערען נתפעל. און גאט איז מיט איהר אזוי צופריעדען, און אלע האבען זי אזוי ליעב. זי זיצט ביי איין אנדער עק טיש, און אלע וויזען אן, אז זי דארף זיצען אין אויבען־אן און טאקי גאר ביי גאט אין שוים — — און זיין הארץ קלאפט אזוי שטארק. ער צוגעהט באלד פון מתיקות און גרויסער ביינקענים. און דאן נעהמט ער זיך ווידער צום לערנען, מיט א פייער, מיט א היטץ און א ברען, אום צו דערגרייכען איצטער די הויכע מדרגה, וועלכע זיין נשמה האט פערנומען פאר זיין געבארען ווערען.

אדער אין דער אלטער גרויער צייט פון דעם יודישען פאלק פלעגט ארומשוועבען זיין גייסט, ל ע ב ע ן אין איהר, איבערלעבען דאס נישט צוריקקעהרענדיגע. אין יעדען דור פון דער גאנץ אלטער צייט האט לייבקע געלעבט, מיט יעדען גרויסען מאן אין פאלק ישראל איז ער געוועזען בעקאנט, מיט יעדען האט ער געהאט עפים צו טהון. און קיין פרעהליכע זאך איז נישט געשעהען אין פאלק ישראל און קיין אונגליק, וואו לייבקע זאל דערביי נישט זיין און נישט אנטהייל נעהמען. אבער דער גרעסטער און אפטעסטער העלד פון זיינע חלומות און זעהונגען, איז געוועזען משה, דער תורה־געבער. ער, לייבקע, איז משה'ס משרת. א מין יהושע בן נון. אבער ער איז מעהר פאר יהושע'ן. ער איז ווי משה'ס א קינד, ווי א שטיק פון משה'ן, א ניצוץ פון איהם. און ער האט פיעל צו טהון. משה שאפט זיך מיט איהם זעהר אפט. משה פערלאזט זיך אויף איהם ווי אויף זיך אליין. און משה האט איהם איבערגעגעבען אלע סודות פון דער תורה, אלע דרשות אויף יעדען אות. — און ווען ער קעהרט זיך אום פון זיין פאנטאזיע־וועלט, ווייס ער דאמאלס, אז ער וועט נאך ארויסווייזען גרויסע וואונדער אין לערנען, אז ער וועט נאך דערזעהען זאכען און אויפטהון חידושים, וועלכע קיינער האט נאך נישט געזעהן און נישט אויפגעטהון און דאן נעמט ער זיך ווידער צום לערנען, מיט א פייער, מיט א היטץ און א ברען, אום צו זוכען און צו געפינען נייע לענדער, וועלכע זענען נאך נישט ענטדעקט געווארען, נייע טיעפעניטען וועלכע זענגען נאך נישט דערגראבען געווארען. —

אדער אין די ווייטע גרויסע צוקונפט פלעגט ער אוועק שוועבען. משיח איז געקומען, דער בית המקדש איז שוין אויסגעבויט געווארען פון די טייערע שטיינער, וועלכע מלאכים זענען געשטאנען און געשניטען לאנגע יאהר טויזענדער, און גאט האט ארויסגעצויגען די זון פון איהר שייד, און די גאנצע וועלט איז פערטרונקען געווארען פון איהר ליכט — און ווייטער זיטצט ער מיט אלע הייליגע און גרויסע, מיט גאט אויבען־אן מיט משה'ן ביי גאט'ס רעכטער האנד און מיט סנדלפונ'ען הינטער גאט,

און מען לערנט די תורה. און די תורה שטעהט יעצט אין איהר גאַנצער גרויס, אַלע סודות זענען אין איהר ענטדעקט, נור דעם לעצטען גרעסטען סוד וועט גאָט יעצט ענטדעקען, דעם סוד פֿון אַלע סודות, און דאַן וועט עס ווערען אַזאַ ליכטיגקייט אין דער וועלט, אַז די זון וועט פֿערשעמט ווערען. אָבער ער ווייס שוין דעם לעצטען סוד, ער טרעפֿט איהם, איידער גאָט זאָגט איהם אויס — — און עס הויבט איהם אָן אַזוי שטאַרק צו קלאַפּען דאָס האַרץ, און ער נעמט זיך ווידער צו לערנען אום צו לערנען, פֿון דער תורה אַליין ווענען, פֿון מתיקות ווענען, פֿון דער גרויסער בײַנקענים ווענען.— —

אין יעדעם דור פֿון דער גרויער פֿערגאַנגענהייט האָט לייבקע געלעבט, און אין דער ווייטער גרויסער צוקונפֿט, אָבער ניט אין אונזער צייט. ער האָט דאָס לעבען ניט געקאַנט און די וועלט ניט געוואוסט. זיינע עלטערן האָבען שווער געאַרבייט פֿאַר זייער בן־יחיד, און ער האָט ניט געפֿרעגט ווי. די בעסטע מלמדים האָבען זיי געהאַט פֿאַר איהם, געצאָהלט דאָס גרעסטע געלד שכר לימוד, בעשאַפֿען איהם די גרעסטע אַנגענעהמליכקייטען, און ער האָט ניט געפֿרעגט, פֿון וואַנען זיי נעהמען. זיי האָבען זיך אָפֿט גע'סוד'עט וועגען שווערע צייטען, אָבער ער האָט זיך ניט צוגעהערט און ניט געוואוסט, אַז ער דאַרף זיך צוהערען. דעם טאַטענס אָדער דער מאַמעס אַ זיפֿץ האָבען איהם נישט אַרויסגעריסען פֿון זיין וועלט.

אַ פֿרעמדער איז ער געוועזען אין דער וועלט. פֿרעמד צו איהרע שטורמען, צו איהרע יסורים; פֿרעמד צו איהר ליעבע. דער זיעבצעהנ־יאָהריגער בחור'ל האָט קיין פּלענער נישט געהאַט. ער האָט זיך קיינמאָל נישט פֿערטראַכט, ווי וועט ער דורכקעמפּפֿען זיין לעבען, ווייל ער האָט נישט געוואוסט, אַז דאָס לעבען מוז דורכגעקעמפּפֿט ווערען. ער האָט זיך געזעהען שווימען זיין גאַנץ לעבען אויף אַ גרויסען אונענדליכען יַם, און דער יַם איז די תורה. און דאָס האָט געזאָלט זיין איין לעבען, איין אונענדליך לעבען, אַ לעבען, וואָס ציעהט זיך פֿון פֿאַר דער געבורט און הינטער'ן טוידט אונטער די שווערע לאַפּעטעס ערד פֿון קבר.— —

האָט ער געטראַכט וועגען ליעבע, וועגען הייסע אומאַרמונגען, וועגען גליק אין דער ליעבע? אָ, דאָס איז געוועזען ווייט פֿון זיין נשמה. דער זיעבצעהניאָהריגער בחור'ל האָט געלערנט די זינדען־שטעלען אין דער גמרא מיט דער נאַאיווסטער אונשולד, מיט דער רייצענדסטער נאַאיוויטעט. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס פֿאַר אַ קויט עס קאָן זיך דאָ אַבזעטצען אין דער נשמה פֿון אַ יונגען יונגיל. אין איינער פֿון די זינדיגסטע, גראָבסטע שטעלען האָט ער אויסגעפֿונען אַ קשיה אויפֿ'ן תוספות, אַ קשיה, מיט וועלכער ער האָט אַוועקגעשטעלט דעם רב פֿון שטאָדט. און דאָס איז בעקאַנט געוואָרען אין שטאָדט און אַרויסגערופֿען אַ גראָבען געלעכטער און שלעכטע וויטצען. אָבער לייבקע האָט איבערגע'חזר'ט און איבערגע'חזר'ט זיין קשיה פֿאַר יעדעם, ווער עס האָט נור געוואָלט הערען, גאַנץ גליקליך מיט זיין שאַרפֿזין, גאַנץ גליקליך מיט דער אונענדליכער טיעפֿקייט פֿון דער גמרא, וואו מען קען נאָך גראָבען און גראָבען. און ער האָט נישט בעמערקט דאָס צינישע אויפֿלייכטען אין די אויגען פֿון זיינע צוהערער און דעם עקעלהאַפֿטען שמייכעל אויף זייערע ליפּען, נישט פֿערשטאַנען זייערע צווייִדייטיגקייטען. און מיט היטץ האָט ער גערעדט און מיט חשק האָט ער איבערגע'חזר'ט ווערטער, פֿון וועלכע זיין מוטער האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען צו דער ערד און איז רויט געוואָרען, און די זיעבצעהניאָהריגע הינדע די יתומה, די האַלב טאָכטער, האַלב דיענסטמיידיל בײַ זיי אין הויז, איז אַרויסגעלאָפֿען פֿון צימער גאַנץ פֿערפֿלאַמט און שטאַרק בעליידיגט אין איהרע הייליגסטע געפֿיהלען.

ער איז געווען אַ שענער בחור'ל. איבער מיטעלען וואוקס מיט ברייטע פּלייצעס, וועלכע ער האָט גע'ירש'נט פֿון זיין טאַטען — אַ געוועזענעם ישובניק, און פֿון זיין זיידען און עלטער־זיידען — לאַנגע דורות פֿון ישובניקעס, און וועלכע דער גמרא מיט דער באַנק־קוועטשענים האָט זיך ניט איינגעגעבען איינצושמעלערען. דאָ איז שוין אויך געווען אַ שטיקיל פֿערדיענסט פֿון זיין מאַמען, וועלכע האָט איהם ניט אויפֿגעהערט צו שטאָפּען, און גאַנץ אָפֿט מיט געוואַלט. אַ ריין מאַט, דיק געזיכט האָט ער געהאַט, בעקרוינט מיט געדיכטע קאַשטאַניען־פֿאַרביגע געקרויזעלטע האָר און בעלויכטען פֿון צוויי ברוינע גרויסע טיעפֿע אויגען, אונטער געדיכטע גרויסע ברעמען. די מיידליך פֿון זיין גאַס און די נאָהענטע גאַסען האָבען אָפֿט גערעדט וועגען איהם. פֿון ווייטען דערזעהענדיג איהם, פֿלעגען זיי זיך שטעלען אין פֿענסטער און אָבשטעהן, ביז ער פֿלעגט אַריבערגעהן. אָבער ער האָט זיי קיינמאָל ניט געזעהען און ניט בעמערקט. שמחת־התורה ביי הקפות איז זיין ספר תורה אַם מעהרסטען בעריהרט געוואָרען פֿון די מיידיל'שע ליפּען. און אָפֿט פֿלעגען אַפֿאָר וואַרמע פֿייכטע ליפּען איינעסען זיך אין זיין ווייכע, ווייסע האַנד, אָבער אין איהם האָט אַרויסגערופֿען דער קוש ניט מעהר ווי איין אונאַנגענעהם געפֿיהל, אַ מין פֿעראַכטונג צו דער ניעדריגער בעשעפֿענים, וועלכע קאָן אפילו די תורה ניט אַ קוש טהון ווי געהעריג, און אַ מין בעליידיגונג פֿאַר די הייליגע תורה, פֿאַר די הייליגע תורה, מיט וועלכער ער האָט געטאַנצט.—

און די זיעבצעהניאָהריגע הינדע, וועלכע זיינע עלטערן האָבען אַריינגענומען צו זיך אין שטוב און אויפֿגעצויגען האַלב פֿאַר אַ דיענסטמיידיל און האַלב פֿאַר אַ טאָכטער, איז געווען ענטציקענד שען. „מיט גאָלד גלייך", פֿלעגען די ווייבער וועגען איהר זאָגען. פֿון קליינעם וואוקס מיט ציערליכע קליינע רונדע גליעדער, מיט איין אַלאַבאַסטערווייסען געזיכט, איין אַרומגעראַהמטען מיט שוואַרצע סאַמעטענע האָר, בלויע אויגען ווי דער הימעל, וועלכע האָבען געקוקט אַזוי פֿרעהליך און צניעות'דיג אין דער וועלט אַריין, בעגלייט מיט אַ שטענדיגען גוטען שמייכעל און די קליינע זיסע ליפּען, וועלכע האָבען פֿערבאָרגען הינטער זיך צוויי שורות בלענדענד ווייסע צייהנדליך.

און זי האָט איהם געליעבט. שטאַרק, פֿייערדיג, מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון איהר צניעות'דיגער נשמה. פֿערבאָרגענערהייט, קיינער זאָל ניט בעמערקען, אָהן האָפֿנונג, ווייל זי איז געווען האַלב אַ דיענסט. איהרע נעכט זענען געווען די אונרוהיגסטע און אָפֿט פֿלעגט זי טרוימען אויף דער וואַך, אַוועקגעהען גאַנץ נאָך איהרע געפֿיהלען, שטעהענדיג אין קיך איבער אַ געוואַשענעם טעפּיל. זי האָט געטרוימט פֿון זיך, פֿון איהם, פֿון אַ שידוך צווישען זיי, ווייל די לייט האָבען אונטערגערעדט, אַז „חאַשע און סענדער האָבען אויסגעהאָדעוועט אַ שענע כלה —- פּשוט אַ קוקלעטשקע — פֿאַר זייער לייבקען". אָבער זי האָט געוואוסט, אַז דאָס וועט קיינמאָל ניט זיין, ווייל מען וועט איהם אָבשיטען מיט גאָלד און ער וועט טהון אַ גרויסען שידוך. דאָס האָט זי פֿאַנטאַזירט מיט האַרצקלאַפּעניש: וואָס, ווען ער וועט זיך אין איהר פֿערליבען?

אָבער ער האָט זי בעהאַנדעלט ווי אַ דיענסט, איבערהויפּט ווי אַזאַ ניעדריגע בעשעפֿענים ווי אַ מיידיל.—

(ענדע קומט).

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer Krakau.

---



---